# מאַריקס כאַלטס

## מאַיסעס און לידער פאַר קינדער

פון

## אסתר כץ



ציכנונגען:
דוני מאוד

# פאָרוואָרט

קינדער לעבן אין אַ וועלט, וואָס דערוואַקסענע שאַפן און פירן. איזאָלירן די קינדער פון דער דאָזיקער וועלט איז אוממעגלעך און אומנויטיק. אָבער קינדער באַנעמען די וועלט אויף זייער אייגענעם שטייגער. איינגערע — מישן אויס די אַרומיקעווירקלעכקייט מיט זייער פאַנטאַזיע. עלטערע — זוכן אַריינצופּאַסן זייער פאַנטאַזיע אין דער ווירקלעכקייט.

העלפן קינדער באַנעמען די דאָזיקע ווירקלעכקייט אין טערמינען פון זייערע באַגריפן איז די אויפגאַבע פון דער־וואַקסענע. דאָס איז אויך געווען מיין צוועק ביים שאַפן די מאַיסעס און לידער, וואָס זיינען אַריין אין בוך, זיי זאָלן קענען באַנוצט ווערן ניט נאָר דורך קינדער, וואָס קענען אַליין לייענען אידיש, נאָר אויך דורך זייערע עלטערן און דערציער, וואָס קאָנען פאַרלייענען פאַר זיי די מאַיסעס און לידער און פאַרבינדן זיי מיט דעם לעבעדיקן הינטערגרונט זייערן.

עס ווילט זיך דערפאַר האָפן, אַז דאָס בוך „מאַריקס כאַלעם" וועט געפינען אַ וועג ניט נאָר דירעקט צו קינדער־לייענער, נאָר אויך צו זייערע עלטערן און לערער, וואָס וועלן זיך מיט אים באַנוצן.

איך וויל דאָ אויסנוצן די געלעגנהייט צו באַדאַנקען איטשע גאָלדבערג, דבורה טאַראַנט און משה כץ פאַר די ווערטפולע אָנווייזונגען און הילף, וואָס זיי האָבן מיר געגעבן ביים צוזאַמענשטעלן און רעדאַגירן דעם בוך, און דעם קינסטלער זוני מאַד, וועמעס צייכענונגען זיינען אַ וויכטי־קער טייל פון בוך. איך דאַנק אויך די אַלע מיטגלידער פון בוך־קאָמיטעט, וועלכע האָבן מיט זייער אַרבעט און אינ־טערעס געהאָלפן אַרויסגעבן דעם בוך.

דער בוך־קאָמיטעט באַשטייט פון אָנגעזעענע קולטור־טוער אין ניו־יאָרק און אין לאָס־אַנדזשעלעס.

אסתר כץ

## ניו יאָרקער בוך־קאָמיטעט:

דר. ל. שאַטסקאָוו (פּאָרזיצער)
שלום לעווין (סעקרעטאַר)
ש. אַלמאַזאָוו
י. ב.ביילין
א. גאָלדבערג
בער גרין
שרה און אהרן גודלמאַן
בעלא גאָלדווירט
סאָפי באָבריק
אברהם און גאָלדע דוביצקי
ר. דעיוויס
ש. דאַווידאָוויטש
ז. וויינפּער
דבורה טאַראַנט
רחל און יאַנקל לייזעראָוויטש
העלען לאָנדאָן

ר. יוקלסאָן
מ. נאָוויק
י. פריד
משה כץ
נ. קאַמינעצקי
ה. קעסלער
א. מאַריס
ה. און ל. רייבינס
דאָרא און עלעק ריטש
ח. ראַבינאָוויטש
קלאַרא און מעיער שולמאַן
טאָניא שעכטער
נ. קאָהן
ל. קאַרל
מאַלי קריגער

## לאָס אַנדזשעלעסער בוך־קאָמיטעט:

רפאל פאָזנער (פּאָרזיצער)
סאָניע אייעראָוו
אייב אָלקין
שלמה בעלסקי
דאָרא בעלסקי
אהרן און אידא גאָרעליק
טיידי דאָראָשקין
שפרה ווייס
ריווע זאָלאָטאַראָוו
מיימי יאַשין
אסתר מילער

בוזי און שלמה סעקולער
שרה פאָזנער
עני און ווילי פעזנער
ירחמיאל פאַרבער
וו. קעסנער
אהרן און בעסי ראָטבלאַט
קלאַרא שאַכנאָוו
יאָסל שאַכנאָוו
חיים שוואַרץ
פּאַשאַ מאַריס

# אינהאַלט:

ז י י ט



# מאַריקס כאָלעם

מאַריק איז מיט אַ כאַפּטע קינדער
אוועק אויף אַ פּיקניק אין וואַלד.
זיי האָבן זייערע מאַמעס
אויך מיט זיך מיטגענומען.

האָבן זיך כעוורע
צווישן די ביימער אוועקגעלאָזט,
און קלייבן גענומען,
וואָס נאָר מען קאָן:

קלייבט מען שטעקנס,
קלייבט מען שטיינער...
אַלע זיינען פאַרנומען,
עס רוט ניט קיינער.



אינמיטן קלייבן מאכט מאריק א גוואלד:
— זעט נאָר, וואָס איך האָב געפונען!
א שטעקן מיט א קאָפּ אויף זיך! —
דערהערט אזא זאך,
איילט שוין כעוורע צו מאַריקן אויף גיך.

**און אלע שטופן זיך צו אים**
**מיט א געשריי און געפילדער,**
**און מאריק זיצט רייטנדיק אויפן שטעקן**
**און האלט אים פעסט מיטביידע הענט,**
**פונקט ווי ער וואָלט געווען**
**אַ פערד אַ ווילדער**
**און דאָס פנים איז ביי מאריקן רויט,**
**און פול מיט פרייד.**
**און דאָס מויל איז אָנגעפּאקט**
**מיט אַ סאַך, אַ סאַך רייד:**

— זעט נאָר, זעט,
טאַקע אַ קאָפּ, און עמעסער קאָפּ! —
שרייט מאַריק יעדעס וואָרט
מיט אימפּעט אוים:

— פון ביידע זייטן, קוקט נאָר אָן,
ווי די אויערן סטאַרטשען ביי אים ארוים!
איר זעט ווי אין סאמע מיט איז איינגעבויגן?
דאָס זיינען די אויגן.

— אַי אַ קאָפּ, אַי אַ קאָפּ!
היט זיך כעוורע, קערט זיך אָפּ.
אונטן האָט ער פּים א פּאָר,



וועט ער באלד דערלאנגען
אַ שפּרונג און א פּאָר ! —
שרייען שוין אַלע :

—אוי־אוי, עס איז אַ גרויל !
דער שטעקן האָט אַ גרויסן מויל !

ווערט שוין מאריק גרויס ביי זיך
און דערקלערט טאקע באַלד,
אַז דער שטעקן האָט באלאנגט
צו א גרויסן ריז אין וואלד,

אַז מיט זיין מויל
קאָן דער שטעקן בייסן
און אַפילע
אַ ווילדע כאַיע צערייסן...

— טע־טע־טע, — מאכט יאַשקע,
— און שפּאַנט זיך אַרום,

אָט האָב איך אין קעשענע א שטיין,
אַז ווען מען לייגט אים צו צום אויער,
הערט מען אין גאַנצן וואַלד אַ געוויין.

— אַוואַדע — זאָגט מאַריק,
— דאָס וויינט דער ריז,
ווייל ער האָט זיין שטעקן פאַרלאָרן,
און מוז איצט אויף אַ פּראָסטן בעזים
אַרומלויפן און אַרומפאָרן

## א מיידעלע קליין, קליין

נאָר פּלוצלונג,
פון הינטער א בוים,
קומט אַרויס אַ מיידעלע
קליין, קליין.



זי שטעלט זיך קעגן מאריקן
אין איר גאַנצער גרויס
און מיט אַ גרויס געלעכטער
שרייט זי אויס:

— ניט עמעס, ניט עמעס,
אַזאַ ריז איז ניטאָ,
אַזאַ ריז איז ניט געווען,
און די גאַנצע מייסע
איז קיינמאָל, קיינמאָל
ניט געשען.

טוט זיך מאריק צו איר
מיט אַ קאַעס אַ לאָז,
און די מיידעלע צו מאריקן
טוט זיך אַ קרים,
און מיט איר נעזל אַ בלאָז,
און אַנטלויפט שנעל
צו איר מאַמען.

— ווער איז איר שולדיג,
זאָגט מאַריק מיט קאַעס,
וואָס זי האָט אַזאַ ריז
ניט געזען?
און ווייל זי איז אַזאַ,
וועט זי אים שוין קיינמאָל
אין איר לעבן נישט זען.

— עט, — גיט זיך מאַריק אַ קרים,
— ווער הערט זיך צו צו אַזוינס ?

אויך מיר אַ מענטש,
אַ שטיקעל צוציק א קליינס. —

קוקן אלע אויף מאַריקן
און בלייבן שטיל,
און מאַריק,
ווי ער וואָלט איינגאַנצן
פאַרגעסן אָן דעם מיידעלע
רופט שוין צו א נייער שפּיל:

אַ שפּיל אין שיסן.
וויל שוין יעדער איינער וויסן,
וואו שיסן, וועמען שיסן?
פיינעלעך, וועווערקעס?
ניין, ניין.

פיינעלעך
קענען שיין זינגען,
וועווערקעס —
קענען גוט שפּרינגען.
איז וועמען?

# איך וויל ניט זיין קיין פאשיסט

מאַריק אָבער טראַכט ניט לאַנג,
ער האָט דעם פּלאַן גלייך:
— איר זעט, — זאָגט ער,
— אָט דאָ וועט זיין
אַ גרויסער, גרויסער טייך.

וועלן מענטשן מיט ביקסן
שטיין אויף דער זייט,
און פאשיסטן וועלן אָנקומען
פון וייט, וייט.

דאַרפֿן די מענטשן
אַלע פֿאַשיסטן אויסשיסן,
און דעם גאַנצענעם טייך
אויף זיי אויסגיסן.

אַזאַ שפּיל איז אַלעמען
זייער שטאַרק געפֿעלן,
דאַרף מען אָבער גענעראַלן,
זיי זאָלן אַלעמען
אויף די ערטער צעשטעלן.

האָט מען מאַריקן פֿאַרן גרעסטן
גענעראַל אויסגעקליבן
און יאַשקען —
פֿאַר די פֿאַשיסטן.

אַזוי האָט מען באַשלאָסן,
און אַזוי איז פֿאַרבליבן . . .

יאַשקע איז אַ גרויסער קאַעסן.
רופֿן אים די קינדער:
יאַשקע, יאַשקע,
קאָכיגע קאַשקע.

איז טאַקע יאַשקע איצט אויך
אַ צעקאָכטער אויפֿגעשפּרונגען
מיט אַ געשריי אין דערהויך:
— איך וויל ניט זיין קיין פֿאַשיסט!
איך וויל ווי א מענטש
שיסן אין זיי אויך!

שרייט אָבער מאַריק:
— מען וועט קיין אַנדערן

ניט קלייבן.
אַזוי האָט מען באַשלאָסן,
און אַזוי וועט עס בלייבן.

ווארט שוין ניט יאַשקע,
טוט זיך אַ לאָז אויף מאַריקן
מיט סטוסאַקעס.
און מאַריק הויבט אָן
דעקן מיט קולאַקעס.

ווערט אַ געשלעג, אַ געשריי.
לויפן אָן די מאַמעס,
— אוי־וויי, אוי־וויי!

האָט מען מאַריקן מיט יאַשקען
קוים מיט צאָרעס צענומען...

און ווען מאַריקס מאַמע
איז מיט אים אַהיים געקומען,
האָט זי מאַריקן דערציילט,
וואָס מיט יאַשקען האָט
אויף אַן עמעס געטראָפן:
ווי פאַשיסטן האָבן
יאַשקעס טאַטע־מאַמע פאַרשלעפט
און ווי יאשקע איז אַליין
אין וואַלד אַנטלאָפן.

און ווי אַ פאַרטיזאַן
האָט יאַשקען דאָרט געפונען
און אים
אין אַ קינדער־היים גענומען.

האָט זיך מאַריק
זייער שטאַרק פאַרטראַכט:

ווי איז עס יאַשקע
אַליין געווען
אין אַ פינצטערן וואַלד
ביינאַכט ?

און מאַריק פרעגט
אַלץ מער און מער
און דערווײַלע.
פון זיין אויגעלע
פאַלט אַ טרער.

קייקלט זיך,
קייקלט זיך,
אַ טאָג און א נאַכט,
ביז מאַריק,
אין בעטל האָט
זיינע אויגן פאַרמאַכט.

# אן אלטינקער זיידע קומט צו מאַריקן

און ווען עס איז שטיל
געוואָרן אַרום,
האָט אַן אַלטינקער זיידע
אים רופן גענומען :
— קום מיט מיר,
מאַריק, קום
אין דעם לאַנד,
וואָס איז אָפן
נאָר האַלבע נאַכט,
ווען אַלעמענס אויגן
זיינען צוגעמאַכט.



און עס נעמט אים
דער זיידע
אָן באַ דער האַנט,
און פירט אים אַוועק
אין כאָלעם־לאַנד.

דאָרט רופט דער זיידע
זיינע איניקלעך באַלד,
קומען זיי גלייך,
מיט געפילדער, מיט גוואַלד.

זאָגט איינער צו מאַריקן:
— איך בין כאָלעם דער שיינער.
שפרינגט אַ צווייטער מיט פרייד:
— און איך בין כאָלעמל־קליינער.

זיי שפרינגען,
ווי וואָלקנדלעך,
אַרויף און אַראָפּ,
און טראָגן מיט זיך
אַ שנייענעם טאָפּ.

זיי מישן אין טאָפּ
פאַרשיידענע זאַכן,
קוקן צו מאַריקן,
און לאַכן און לאַכן:

— דאָס איז פרישטיק פאר דיר,
מיט געשמאַק זאָלסטו עסן,
אָן יאַשקען ביי אונדז דאָ,
דאַרפסט אינגאַנצן פאַרגעסן.
אונדזער זיידעניו,
האָט דאָ צוגעגרייט
פאַר דיר זייער פיל:
אי טרערן,
אי פרייד,
אי פריילעכן שפּיל.
איצט זיי זשע געזונט,
מיר זיינען זייער פארנומען,
מיר וועלן שפּעטער ,מאַריק,
צוריק צו דיר קומען.

## כאָלעמל קליין העלפט מאריקן

ווען דער זיידע
מיט זיינע איניקלעך
זיינען פון מאַריקן אַוועק,
איז מאַריק צוריק
אין זיין בעטל פאַרקראָכן,
און מיט שטאַרק פאַרמאַכטע אויגן
איינגעשלאָפן.

דערווײַלע
איז כאָלעמל־קלײן
אויף אַן אַרבעט
ערגעץ געווען.

האָט ער ניט ווײַט
פֿון מאַריקן
דעם בײזן כאָלעם דערזען.

— דו פֿינצטערער אײנער! —
שרײַט כאָלעמל קלײן,
— ווער האָט דיך אַהער געשיקט?
פֿון דײַן שלעכטסקײט
און בײזקײט,
ווערט דאָך די לופֿט דאָ פֿאַרשטיקט.

גײ זיך דיר בעסער
וואו עס איז פּוסט
וואו עס איז וויסט,
ווײַל דו האָסט אַ נעשאָמע
פֿון אַ ווילדן פֿאַשיסט. —

## דער בײזער כאָלעם וויל מאריקן דערשרעקן

— העי, צוציק,
ווי וואַגסטו אַזױנס
מיר גאָר זאָגן?
זע נאָר דעם באַרג,
וואָס איך האָב געבראכט
צוטראָגן!

אַזוי ווײַל איך,
אַזוי איז מיר געפעלן,
מאַריקן דעם וועג
מיט דעם הויכן באַרג
פאַרשטעלן.

אַי וועט עס זײַן אַ שפּאַס,
ווען מאַריק וועט נעמען
אויפן הויכן באַרג קריכן,
דעם וועג זוכן,
אין שרעק זיך
הויבן, הויבן...
וועל איך נאָך
אַרויסלאָזן אויף אים
ווילדע לייבן.

— ניין, ניין,
שרײַט באָלעמל־קליין,
— מאַריק וועט זיך נאָך דערשרעקן,
און וועט זיך, באָלילע, אויפוועקן! —

געדענק, אונזער זיידעניו,
האָט מאַריקן
אין באָלעם־לאַנד געבראַכט,
ווײַל דער זיידעניו,
האָט אַ גוטע זאַך פאַרטראַכט:
ער וויל,
אַז דאָס וואָס מיט יאַשקען
איז אויפן וואָר געווען,

זאָל דאָ באַ אונז
מיט מאַריקן געשען.

וועט מאַריק עס אַליין זען
און אַליין דערפילן,
און וועט עס דערנאָך
די קינדער דערציילן,
ווען ער וועט מאָרגן
מיט זיי ווידער שפּילן.

— כאַ־כאַ־כאַ —,
לאַכט כאָלעם דער בייזער,
— איך האָב פאַרן זיידן
ניט מוירע !
וואָס אַרט עס מיך,
אויב מאַריק וועט זיך דערשרעקן,
און וועט זיך אויפוועקן ?

דער זיידע,
איז שוין זייער אַלט,
און וועט די גאַנצע מאַיסע
פאַרגעסן באַלד.

דאָ איז שוין דער זיידע
אַליין געקומען,
זיין בייזן איניקל
פאַרן קאָלנער גענומען,
מיט א שטריק אים געבונדן,
און כאָלעמל־קליין
האָט געבראַכט



אַ צווייג נאָך אַ צווייג
און געמאַכט
פאַרן בייזן כאַלעם
אַ גרויסע שטייג.

ווען דער בייזער כאַלעם,
איז געבליבן אין שטייג
געבונדן,
האָט דער זיידע
דעם הויכן באַרג
מיטן פוס אַ שטויס געטאָן,
איז דער באַרג
אינגאַנצן פאַרשוואונדן.

— און איצט, זאָגט דער זיידע,
וועט שוין מאַריקן
קיינער ניט שטערן,
און אַלץ
וואָס מיט יאַשקען איז געווען,
וועט מיט מאַריקן ווערן.

## גאַזלאָנים פאַשיסטן גייען

און באַלד טאַקע הערט מאַריק
גרויסע געשרייען:
— שטייט אויף, שטייט אויף,
אויף אונזער שטאָט
גאַזלאָנים-פאַשיסטן גייען! —

לויפן טאַטעס און מאַמעס
פון די הייזער אַרויס
מיט שטעקנס, מיט ביקסן
און שרייען:

— מיר וועלן פאַרטרייבן
די ווילדע גאַזלאָנים,
מיר וועלן אָנלערנען
די פאַשיסטישע סאָנים!

**אין שרעק קומט צולויפן**
**כאָלעמל־קליין,**
**שלעפּט מאַריקן פון בעטל,**
**אין וואַלד מיט אים גיין.**

**שפּרינגט טאַקע מאַריק**
**פון בעטל אַרויס,**
**ער האָט שוין ניט געקענט**
**מער שלאָפן,**
**פאַר שרעק און פאַר מוירע**
**איז ער אַליין**
**אין פינצטערן וואַלד**
**אַנטלאָפן.**

און דער וואַלד איז טיף,
און דער וואַלד איז גרויס!
נאָר מאַריק איילט זיך
צווישן די ריזיקע ביימער,
פאָרויס, פאָרויס...

דאָס האַרץ קלאַפּט אים פּאַר שרעק,
און עס ווילט זיך אים שלאָפֿן . . .
און אַזוי מיד איז ער געווען,
אַז ער האָט אַפילו ניט געפּילט
און אַפילו ניט געזען,
ווי ער איז אין אַ טיפֿער גרוב
פֿאַרקראָכן.

די גרוב
איז מיט אַ סאַך,
אַ סאַך בלעטער
אויסגעבעט געווען,
פֿון ווילדן ווינט
זיינען זיי אַהין אָנגעלאָפֿן.
איז מאַריק אויף די בלעטער,
ווי אויף אַ ווייכן בעטל
אַ מידער איינגעשלאָפֿן.

## וואָס דער וואלד האָט געזונגען

ווען מאַריק
איז אַזוי געשלאָפֿן,
האָט דער גאַנצער וואַלד
אים זינגען גענומען:

אין דיין בעטל
דאָ אין וואלד
זאָלסטו רואיק שלאָפֿן
עס וועט דיין מאַמע



קומען באַלד,
זי איז אויך
אַהער אַנטלאָפן.

אַליע־ליו־ליו־ליו . . .
וואו איז מיין מאַמעלע,
וואו ?
זי זוכט אַרום מיך
אויף די וועגן,
איך וועל לויפן איר
אַנטקעגן.

— ניין, מאַריק, ניין,
מוזט וואַרטן דאָ
אַליין,
עס וועט דיין מאַמע
שפּעטער קומען,
זי איז זייער איצט
פאַרנומען . . .

— ביסט דאָך, מאַריק,
קלוג און שיין ,
מוזט אַליין
פאַרשטיין . . .

— אָ, יע, זאָגט מאַריק,
איך האָב שוין פאַרשטאַנען,
מיין מאַמעלע,
איז מיט די פּאַרטיזאַנען.

# א וואונדער שטוב

דערווייל איז די זון
אויפן הימל אויפגעקומען

און וואַרפן שטראַלן
צווישן בוימער גענומען.

איז מאַריק שוין געווען
גוט אויסגעשלאָפן,
איז ער פון טיפן גרוב
אַרויסגעקראָכן
און געוואָלט זיך לאָזן
ווייטער גיין,
ווייל ער האָט זייער מוירע געהאט
זיין איינער אַליין.

אָבער די ווערטער פון לידעלע,
וואָס דער וואַלד האָט געזונגען,
האָבן אין מאַריקס אויערן,
ווי גלעקעלעך געקלונגען:
— ניין מאַריק, ניין,
מוזט וואַרטן דאָ אַליין . . .

זעצט זיך מאַריק אַוועק
אונטער אַ בוים,
און רעדט מיט עמעסע ווערטער
צו זיך אַליין:

— עפשער איז גאָר די גרוב
אַזאַ וואונדער־שטוב,
וואָס האָט ניט קיין פענצטער,

האָט ניט קיין שיין,
און וויל מיך גוט
פון די פאַשיסטן באַהאַלטן,
אויב איך וועל זיך ניט שרעקן
אין אַזאַ שטוב אַליין זיין?

## וואָס דער שטיין זאָגט מאַריקן

שפּאַרט ער אָן זיין קעפּעלע
אויף אַ שטיין אַ האַרטן,
און דער שטיין זיין בעקעלע
גלעט און גלעט,
און שטיל, שטיל
צו מאַריקן רעדט און רעדט:

— קייקל מיך, מאַריק,
אין וואונדער־שטוב אַריין,
וועל איך ביים אַריינגאנג
דיין היטער זיין.

— היטן וועל איך דיך
פון אַ בייזער כאַיע,
און שטאַרק דיך אָפּהיטן
פון אַ ווילדן פאַשיסט.

און טאָמער וועלן זיי
אַהערצו קומען,
וועל איך יעדערן פון זיי
צערייבען אויף מיסט.

האָט מאַריק טאַקע אַזוי געטאָן:
דעם שטיין צוגעקייקלט
צו דעם גרוב,

און פֿאַרשטעלט דעם אַריינגאַנג
אין זיין וואונדער־שטוב.

איז איצט שוין מאַריק
אין שטוב ניט אַליין
מיט אים איז זיין פֿריינט —
דער גרויסער, גרויסער שטיין.

## בלימעלעך האָבן זיך צעלאַכט

טוליעט ער זיך צו דעם שטיין,
און דערווײַלע זיין קאָפּ
טראַכט און טראַכט,
אָבער די בלימעלעך אַרום
האָבן זיך שטאַרק צעלאַכט,
ווייל מאַריק האָט אינגאַנצן פֿאַרגעסן,
אַז אַ אינגעלע ווי ער,
דאַרף עפּעס עסן.

איז אַ ווינטל אָנגעקומען,
און אויף די קוסטעס די בלעטער
צעבלאָזן גענומען.
דערזעט מאַריק,
ווי אויף די קוסטעס צעשפּרייטע
וואַקסן יאַגעדעס
שוואַרצע און רויטע.

לאָזט ער זיך די יאַגעדעס קלייבן,
פֿרייען זיך די בלימעלעך,
וואָס איצט וועט מאַריק
שוין הונגעריק ניט בלייבן.



**איז דער וואַלד טיף,**
**איז דער וואַלד גרויס,**
**אָבער ער האָט ניט אַזאַ**
**וואָס זאָל זיין,**
**ווי אַ פאַשיסט ווילד און בייז.**

פייגעלעך זיצן אויף בוימער
און זינגען,
וועווערקעס פון צווייגל
אויף צווייגעלע שפּרינגען.

אַלערליי פליגעלעך
זשוזשען און זשומען,
אַ ווינטל אַ קילער
איז פון ערגעץ געקומען.

און פּלוצלינג אַ בליץ
מיט אַ דונער לאָזט וויסן,
אַז אָט קומט אַ רעגן
און באַלד הויבט ער אָן גיסן...

גיסט ער און גיסט
איבער בוימער און פלאַנצן,
מיט פרייד נעמען טראָפּנדלעך
אין ריטשקעלעך טאַנצן.

טאַנצט אויך מיט זיי מאַריק,
אין וואַסער שליפּ־שלאָפּ,
און דער רעגן דערווייל
וואַשט אים דעם קאָפּ.

# מאריק האָט זיין פידעלע
# געפונען

**אין זיין וואונדער־שטוב**
**האָט מאַריק מיט פאַרמאַכטע אויגן**

**געקוקט און געקוקט,**
**ביז כאָלעם דער שיינער**
**איז געקומען**
**און אים**
**אין אַ וואונדער־לאַנד**
**גענומען.**

האַלט מאַריק די אויגן
שטאַרק פאַרמאַכט,
אַזוי ווי אין שלאָף
ביינאַכט,
און שפּאַצירט און שפּאַצירט
מיטן שיינעם כאָלעם באַנאַנד
איבערן
וואונדער־לאַנד.



פֿלוצלינג איז פֿאַר מאַריקן
אַ וואונדער געשען:
ער האָט דאָרט
זיין פידעלע דערזען.

און דאָס פידעלע,
עס רעדט,
און דאָס פידעלע,
עס בעט:
—לאָמיר, מאַריק, צוזאַמען
נעמען שפּילן און זינגען,
אַ לידעלע, וואָס זאָל
איבערן וואַלד זיך צעקלינגען.
עס איז געווים שוין דיין מאַמע
פון שלאָף אויפגעשטאַנען,
וועט זי אויך דאָרטן זינגען
מיט אַלע פּאַרטיזאַנען.

## מאריקס לידעלע

און מאַריק האָט טאַקע
געזונגען, געזונגען,
און דאָס לידעלע זיינס
האָט אָט ווי געקלונגען:

— איך בעט, מאַמעלע, ביי דיר,
זיי רואיג וועגן מיר.
איך בין דאָ ניט אַליין,
איך האָב אַ פריינט אַ שטיין.

דער רעגן וואַשט מײַן קעפּעלע,
איך עס מיטאָג פֿון אַ טעפּעלע,
וואָס איך האָב געמאַכט אַליין
פֿון קאָרע פֿון אַ בוים.

דערווײַלע,
צווישן די ביימער,
אַ ווינטל אײַלט און יאָגט,
אַ פֿולן בוזים ווערטער
צו מאַריקן ער טראָגט.

און אָט די אַלע ווערטער
שיט דער ווינט אַרויס,
און פֿאַר מאַריקס אויגן
שטעלן זיי זיך אויס.

אײַלן זיך די ווערטער,
זיי ווילן ניט פֿאַרזאַמען,
אָנזאָגן מאַריקן,
אַז זיי קומען
פֿון זײַן מאַמען . . .

ווײַל מאַריק לייענען
די ווערטער,
קען ער ניט אַליין,
ווײַל ער מיט זיי לויפֿן
צו זײַן פֿרײַנט — דעם שטיין.
האָבן אָבער אַלע ווערטער מיטאַמאָל
אינדערהויך זיך אויפֿגעהויבן,

און זיינען זיך אין לופטן,
ווי פייגעלעך צעפלויגן.

און דאָ האָט נאָך דער ווינט
גענומען אַלע בוימער
בויגן, בויגן,
און שטיפעריש ביי מאַריקן
דאָס פידעלע אין ערגיץ
ווייט פאַרצויגן.



# א בער א גרויסער שטייט

אויב אַזוי, וויל מאַריק מער
אין וואונדערלאַנד ניט בלייבן,
צעעפנט ער די אויגן ברייט...
און אוי־ווי, אוי־ווי,
ער גיט אַ קוק,
ניט ווייט פון אים
אַ בער אַ גרויסער שטייט!



**פֿאַר שרעק האָט זיך מאַריק**
**צו דער ערד אַזש איינגעבויגן.**
**נאָר דער בער האָט גענומען**
**זיך פֿאַרנויגן און פֿאַרנויגן,**
**און אַזוינע קונצן מאַכן,**
**אַז מאַריק האָט זיך אויפֿגעהערט**
**צו שרעקן,**
**און גענומען זייער לאַכן, לאַכן.**

קוקט דער בער אויף מאַריקן
און זעט אויס זייער מילד.
נעמט ער מאַריקן דערציילן,
אַז אין אַ צירק האָט ער,
ווי אַן אַקטיאָר געשפּילט.

אַז מיטן צירק איז ער
איבערן לאַנד אַרומגעפֿאָרן,
און האָט אַליין געזען די פֿעלדער
אָנגעטאָן אין הויכע זאַנגען קאָרן.

און געזען,
ווי אויף בוימער וואַקסן
עפּל, באַרן
און גרויסע, גרויסע פֿלוימען,
און ווי אויסגעשפּרייט
אַרום די הייזער וואַקסן
אין אַלע פֿאַרבן בלומען.

וויל אויך דער בער,
אַז מאַריק זאָל עס וויסן,



ווי די פּאַשיסטן,
גענומען האָבן
קליינע קינדער שיסן.

און דערפאר איז ער,
דער בער,
פון זיי אַנטלאָפן באַלד,
און איז געקומען דאָ אַהער
צו מאַריקן אין וואַלד.

# וואָס מאריק דערציילט דעם בער

קוקט, מאַריק, קוקט,
און גלעט דעם בער און גלעט,
און עס הערט זיך אין דער וואַלד,
ווי מאַריק רעדט און רעדט:

דאָס דערציילט ער פארן בער,
ווי אין מיטן נאַכט,
האָט זיין מאַמע אים געהאַלטן
אויף די הענט,
און דורכן פענצטער
האָבן זיי געזען,
ווי די פאַשיסטן האָבן אַלץ
געבראָכן און געברענט.

— זונעלע, האָט זי געקושט אים און געזאָגט:
— מיר דאַרפן איצט אויף שנעל אַוועק פון דאַנען,
צו קעמפן געגן די פאַשיסטן
צווישן פאַרטיזאַנען.

טאַקע באַלד,
איז ער מיט איר אַנטלאָפן,
און ער ווייסט ניט ווי אַזוי
ער איז אין וואַלד
אַליין פאַרבליבן,
איינגעשלאָפן.

מאַריק טוליעט זיך צום בער,

און וויל אים גוט פֿאַנאַנדערפֿרעגן,
צי ער ווייס אין וואַלד די וועגן.
דער בער האָט אים פֿאַרשטאַנען,
און איז באַלד מיט אים אַוועק
צום לאַגער פֿון די פּאַרטיזאַנען.



## דער וואלד האָט פיינט פאשיסטן

אַ נאַכטיגאַל אין לופֿטן
זינגט און זינגט,
פֿון איין צווייגל אויפֿן צווייטן
שפּרינגט און שפּרינגט.

און דער בער מיט מאַריקן
דורך שטעגעלעך זיי שפּאַנען...
קוקט דער וואַלד מיט וואונדער
אויף די צוויי נייע פּאַרטיזאַנען.

ער קוקט און קוקט,
און ווערט אַזוי פֿאַרטראַכט:
— ווי, ווען איך וואָלט נאָר
אַ פּלאַן אַזאַ געמאַכט:

זאָל די ערד צעעפֿענען אַ מויל,
פֿאַרשלינגען יעדן איינציקן פֿאַשיסט,
עס זאָלן מיינע וואָרצל זיי צעזוינגן,
ווי זיי צעזוינגן אין דער ערד דעם מיסט.

הויבן אויף זיך גרעזעלעך
און שרייען אין גרויס שרעק:

— פון אַ מיסט אַזאַ,
וועט זייַן צו אונז אַן ענדע און אַן עק!

און די ערד
מאַכט אויך אַ גרויסן גוואַלד:
פאָרצולייגן אַזאַ זאַך,
איז אַ חוצפּה פון דעם וואַלד!

— זאָלן בלייבן די נעווײַלעם
פאַר די ווילדע כאַיעס!
— ניין, ניין! —
קוויטשען פייגל אין די סטייעס, —
פאַרסאַמען וועט די לופט
אַזאַ מין פּעסט,
און יעדע אויפעלע ביי אונז
וועט אומקומען אין נעסט!

לויפן, יאָגן הענדום פּענדום
פון גאַנצן וואַלד די כאַיעס,
יעדע ברומט און יעדע שרייט
אין צאָרנדיגן קאַעס:

— עס עקלט אונז אַפילע טראַכטן
פון אָט די נעווײַלעס,
—מיר ווילן זיי אין וואַלד ניט האָבן,
טראָגן זיך די קוילעס.

# א ווינטל קומט צו פליען

שפרינגט פון הויך אַראָפּ אַ ווינטל
און ער זאָגט אַזוי :
— וואָס איז דאָ פּאַר אַ געפילדער
און אַזאַ געשריי ?



אַלץ, וואָס דאָ אין וואַלד געפינט זיך,
וועט אויף לאַנג ניט קלעקן,
ווייל מאַריקס מאַמע שטייט ביים בעטל
און האַלט מאַריקן אין וועקן.

און טאַקע אַלץ ווערט קלענער, קלענער,
און מאַריק זעט שוין באַלד,
אַז עס פאַרשווינדט פון זיינע אויגן
דער גאַנצער, גאַנצער וואַלד.

און זיין מאַמע
וועקט אים, וועקט אים,
און טוליעט אים צו זיך:
זונעלע, עס איז פרישטיק פאַרטיג,
שטיי שוין אויף אויף גיך.

שפּרינגט אויף מאַריק אין זיין בעטל,
— מאַמעלע, ביסט דאָ?

— זאָג, טייערע,
—און כאַפּט זי קושן,
— זיינען שוין פאַשיסטן איצט
אין ערגיץ מער ניטאָ?



# איך וויל פון ווערטער עפּעס וועבן

זיצט די מאַמע,
דאָ — דערנעבן
און האַלט א זעקעלע
אין וועבן.
זעצט זיך יאָסל
לעבן איר,
און הייבט אָן רעדן
אָן אַ שיר.

רעדט און רעדט
אַזוי געשווינט,
די ווערטער פליִען,
ווי א ווינט;
— מאַמע, מאַמע,
מאַמע־לעבן!
איך וויל פון ווערטער
עפּעס וועבן.

עס זאָל שטאַרקער זיין
פון שטריק,
עס זאָל זיין גאָר
אַזאַ בריק,
וואָס וועט רעדן,
ניט זיין שטום,
רופן אַלעמען:
— קום, קום,

מיט די שטעט,
און מיט די פעלדער,
מיט די טייכן,
און די וועלדער,
אַריבערגיין
אין אָט דער וועלט,
מאַמעלע,
וואָס דיר געפעלט!

וועל איך דאָרט
אַ גאָרטן פלאַנצן,
וואו אַלע בלומען
וועלן טאַנצן.
וועל איך דאָרטן
הייזער בויען,
וואו, מאַמעלע,
וועסט קענען רוען.

---

און די מאַמע
וועבט און וועבט,
גלייך מיט יאָסעלען,
זי שטרעבט:
— ניט דאַרפן מער
דאָרט זאָרגן זיך,
וואו נעמט מען
פאַרן קינד אויף שיך.

# צוויי שלוימעלעך און דער הונט

גייען צוויי שלוימעלעך
איבערן גאַס.
די נעזלעך פֿאַרשמירט,
די הענט
פֿון בלאָטע נאָך נאַס.

קומט זיי אַנטקעגן אַ הונט,
ווי א לייב,
פֿאַרפּאַטשקעט, צעפּאַטלט,
אינגאַנצן אין שטויב.

קוקן די שלוימעלעך,
קוקט אויך דער הונט —
און פֿאַרטיג!
עס איז שוין געשאַפֿן אַ בונד
פֿון די שלוימעלעך צוויי
און דעם ריזיגן הונט.



שפּאַנט מען אין דרייען
איבער געסלעך און גאַסן.

טרעפט זיך אַ מיסט־קאַסטן,
איז דער הונט גרייט צו נאַשן.
אָבער שלוימע דער גרויסער
און שלוימעלע קליין
שלעפּן דעם הונט:
— קום, אין וואַלד לאָמיר גיין!

געזאָגט און געטאָן,
מען איז שוין נאָענט צום וואַלד.
פון הימל, פון בלויען,
אַ ליכטיגקייט פאַלט.

דערביי איז אַ טייכל
און בלומען אַרום,
און אין דעם וואַסער
שווימען פישעלעך אום.

אַלערליי פייגעלעך
שטיפן און זינגען,
אין דעם גראָז, אין די קוסטן
וועווערקעס שפּרינגען.

צווייגעלעך וויגן זיך
אַרויף און אַראָפּ,
אַ שטילינקער ווינטל
בלאָזט דעם שטויב פון זיי אָפּ.

מורמלט דאָס טייכל
און כוואַליעט זיך שטיל:
— קומט, כעוורע־יאַטן,
מיר וועלן מאַכן אַ שפּיל!

פון הינטער דיביימער
אַ זוניגע שיין
טוליעט און וואַרעמט,
און רעדט מאַמעש איין:
— איר שלוימעלעך צוויי,

און דו, ריזיגער הונט,
צו וואָס איז דאָ וואַרטן?
גיט אין וואַסער אַ שפּרונג!

אַ שפּרונג, און אַן עק!
מען איז שוין ווייט פון דעם ברעג...

שלוימעלעך ביידע
און דער צעפּאַטלטער הונט
שווימען אַפילע
צום זאַמדיגן גרונט.

אינמיטן דעם שווימען
גיט זיך איין שלוימע אַ שטעל:
— זע נאָר, ביים הונט
איז געביטן די פעל!

טוט זיך שלוימע דער קלײנער
צום גרויסן אַ לאָז:
און וואו איז די בלאָטע,
וואָס איז געווען אויף דיין נאָז?

שמייכלט דער הונט
מיט אַ הינטישן כיין:
— וואָס איז דאָ צו טראַכטן,
מיר זיינען אַלע איצט ריין.

# יאָסל און זיין כאַוועריטע דוואוירע

שפּיצלעך האָט יאָסל
זייער פּיל,
און פון אַלץ
מאַכט ער אַ שפּיל:



מאַלקעלען טוט ער
פאַרן צעפּל אַ שלעפּ
לייבלען דעם רויטן
גיט ער עמעסע קלעפּ.

פון גיטעלען און ראָכעלען
מאַכט ער אַזויפּיל שפּאַס,
אַז עס ווערט אַזש
אַ טומל איז גאַס.

האָבן טאַקע מיידעלעך
פאַר אים מוירע,
אָבער ניט —
זיין כאַוועריטע דוואוירע.

אַט וויגט זיך יאָסל
אויף אַ צווייג אַליין,
איז דאָ שוין גלייך דוואָירע,
מיט אים אויפן בוים.

איז באַ יאָסלען אין אָנצוג
אַ ריס נאָך אַ ריס,
ווערן באַ דוואָירען פאַרלאָרן
די שיך פון די פיס.

און אַז יאָסל אַנטלויפט
פון דוואָירען אויף טעג,
איז גרייט דוואָירע דערפאַר
מיט אים גיין אין געשלעג.

נאָר היינט איז שוין יאָסל,
אין שול אַליין,
ער איז שוין אַ באָכער,
ער איז שוין ניט קליין.

הערט ער און הערט,
ווי דער לערער רעדט —
דערציילט פון לענדער,
דערציילט פון שטעט.

ווי מען דאַרף לערנען,
און זיך דערוויסן,
יאַמען און טייכן —
פון וואַנען זיי פליסן.

ברויט ווי עס קומט
אויף די פעלדער אין זאַנגען,
ווי אויף דער ערד
זיינען בערג אויפגעגאנגען.

פון וואנען עס קומען
די היץ און די קעלט...
צעשטראַלט זיך פאַר יאָסלען
די גאַנצענע וועלט.

וואונדערלעך בליען
אין יאָסלען אויף טרוימען,
אַזוי ווי אין פעלד
ניי־געבאָרענע בלומען.

טרוימען, וואָס יאָסל
האָט נאָר וואָס דערזען,
צווישן זיי אַלע,
איז אויך דוואירע געווען.

# דאָס הינטל וואָס קנאַקט ניסלעך

אין פּעטאַלומאַ
ביי מיין מומען,
איז אַ גאָרטן פֿאַראַן.
טרינקט דער גאָרטן
וואַסער דאָרטן,
פֿון אַ גרויסן קראַן.

וואַקסן דאָרטן,
אין דעם גאָרטן
אויף די ביימער ניס,
און דער שוימער
פֿון די ביימער
איז איינער
אויף פֿיר פֿיס.

ער איז אַ היטער
אַ געניטער,
לאָזט ניט קיינעם צו.
נאָר מיין מומע,
מען רופֿט זי בלומע,
האָט פֿון אים קיין רו.

גאַנצע טעג
אויף זיינע פיסלעך,

פליט ער אום
און קנאַקט די ניסלעך,
שלינגט די יאָדרעס איין.

שרייט מיין מומע:
„דו אַזוינער,
קעלעוו איינער,
וואָס וועט פון דיר זיין?

„ביסט ניט קיין עסער,
נאָר אַ פרעסער",
טוט זי בייז אַ טאָפּ.
כאַפּט דאָס הינטל
נים אַ בינטל
און גיט דער מומען אָפּ.

# טיף אין וואסער איז מיין היים

איך היים דיר רעגן,
שטעל זיך אָפּ,
און וואַרף ניט טראָפּנס
אויף מיין קאָפּ!

האָסט נאָס געמאַכט מיך,
ווי אַ האָן —
געדענק, איך וועל דיר
עפּעס טאָן.

לאַכט דער רעגן,
לאַכט און לאַכט:
— אַזוינס האָסטו גאָר
צוגעטראַכט?

דו ווייסט עס ניט,
דו ביסט נאָך קליין,
אַז טיף אין וואַסער
איז מיין היים.

אויך איך בין
עמיצענס אַ קינד,
און ווייס, אַז פויל זיין
איז אַ זינד.

איז מיין אַרבעט
גיסן, גיין,
און ניט בלייבן
קיינמאָל שטיין.

און אַז איך נעץ שוין
אַלצדינג איין,
פּוץ איך זיך
אין זונען־שיין.

הויב זיך אויף
אין הימל הויך,
און ווער אינגאַנצן,
ווי אַ רויך.



# שושקען זיך בלעטער

גרינינקע בלעטעלעך
שושקען זיך שטיל:
— עס רופט אונז דער ווינט
אין אַ פריילעכן שפּיל.

צו שפּרינגען פון צווייגן
נאָך אים אין געיעג...
ניין, ניין אַ סאַקאָנע,
פאַר אונדז אַזאַ וועג.

ער יאָגט זיך, ער טראָגט זיך,
ווי אַ צעווילדעטער פערד,
מיר קאָנען נאָך פאַלן
פון הויך צו דער ערד.

אין שטויב און אין בלאָטע,
ווערן פאַרשמירט —
ניין, ניין זיך ניט לאָזן
פון ווינט זיין פאַרפירט.

לאַכט זיך דער ווינט
פון די פאַראַקשנטע בלעטער,
און לייגט אָפּ דאָס שפּיל
אויף אַ ביסעלע שפּעטער.



# בעטן זיך ביימער

בעטן זיך, בעטן זיך
בלעטער און ביימער:
— ווער, ליכטיגע זון,
אונדזער שטענדיגער שוימער.

לאָז ניט דעם האַרבסט
אונזער גרינקייט פאַרגעלן,
זע מיט די שטראַלן
דעם ווינטער פאַרשטעלן.

וועט קענען די פאַלמע
צו אונז קומען צוגאַסט,
און דער הימל דער בלויער
וועט ניט האָבן די לאַסט —

אין ווינטער צו שלעפן
אויף וואָלקנס די שנייען,
און העלפן דעם ווינט,
אַלע וועגן פאַרווייען.

# יאָסל פליט אין שול

שפּרינגט אויף יאָסל
פון זיין שטול, —
אוי ווי, ער איז שוין
שפּעט אין שול!

כאַפּט ער גלייך
זיין לערן־בוך,
און פליט אַרויס
נאָר אין איין שוך.

טראָגט זיך אָן
אַ שטיפער־ווינט,
כאַפּט יאָסלס לערן־בוך
געשווינד,



נעמט אים מיט
מיט זיך אין וועג,
און פאַרשווינדט
אויף נעכט און טעג.

הויבט אויף יאָסל
אַ געוויין.
קומט אַזוי
אין שול צוגיין

אויף די פיס
מיט נאָר איין שוך,
אָן זיין פריינט —
דעם לערן־בוך.



# וואַקסן ביימעלעך

שטייען ביימעלעך,
ביימעלעך קליין,
יונג און געראָטן,
מיט פרייד און מיט כיין.

ווייסט יעדע בלעטעלע,
יעדע צווייגעלע ווייסט,
אַז זומער וועט קומען,
וועלן זיי זיין אַלע גרויס.

די גראָז אַרום זיך
מיט שאָטן באַגיסן,
מיט אַ ווינטל אַ קילן
אַ כאַווערשאַפט שליסן.

זוניקע שטראַלן
אויף די צווייגעלעך וויגן,
לעבן זיי אין די קוסטעס
וועלן יאַגעדקעס ליגן.

ניסעלעך זוכן
וועלן וועווערקעס שפּרינגען,
פייגעלעך קליינע,
וועלן שטיפן און זינגען.

און גרעזעלעך גרינע
אַרום זיי אויסגעשפּרייט,
וועלן אָנזאָגן העזעלעך,
וואו ס'זיינען מערן פאַרזייט.

דאָן וועלן קינדערלעך
קומען דאָרט שפּילן,
און אונטער די ביימעלעך
פון היץ זיך אָפּקילן.



# א שער און א מעסער

האָט זיך פאַרפירט אַ קריג
צווישן אַ שער און אַ מעסער,
ווער פון זיי איז שאַרפער,
ווער פון זיי איז בעסער.

געקריגט האָבן זיי זיך ביידע
אויף בערעלעס טישל,
וואו געלעגן זיינען עפּל
אין אַ גרויסער, גרויסער שיסל.

איז צו בערעלען אַריינגעקומען
זיין כאַוועראַטע דוואוירע,
וועלכע האָט ליב אַ שער,
ווייל פאַר א מעסער האָט זי מוירע.

כאַפּט זי די שער,
און וויל שניידן אַן עפּל,
צעלאַכט זיך דער מעסער,
און שאָקלט מיט זיין קעפּל.

וויל בערעלע אַ העזעלע
פון פּאַפּיר אויסשניידן,
נעמט ער דעם מעסער,
ווייל ער קאָן קיין שער ניט ליידן.

אַזאַ העזעלע אויסשניידן
האָט דער מעסער ניט געקענט,
דערפאַר האָט ער זיך זייער שטאַרק
פאַר דער שער פאַרשעמט.

דאָ האָבן זיי ביידע
פון זיך גענומען לאַכן,
ווייל זיי האָבן איצט פאַרשטאַנען,
אַז אַ שער און אַ מעסער
שניידן פאַרשיידענע זאַכן.

# שנייאיקע וואָלקנדלעך

שנייאיקע וואָלקנדלעך
האָבן זיך צעשפּילט,
און שפּילנדיק האָבן זיי
דעם הימל פֿאַרקילט.

איז בייז און פֿאַרכמורעט
דער הימל געוואָרן,
און די זון מיט די שטערן
אין ערגעץ פֿאַרלאָרן.

ווייסט ניט דער הימל
צי עס איז טאָג, צי עס איז נאַכט,
איז ער זייער פֿאַראומערט,
איז ער זייער פֿאַרטראַכט.

איז ער בייז אויף די וואָלקנס,
וויל ניט קוקן אויף זיי,
נאָר פּלוצלונג דערזעט ער
זיי ווארפֿן מיט שניי.

זיי וואַרפן און וואַרפן
אויף וואַלד און אויף ערד,
און טוען אָן בוימער
אין שניי ווייסע בערד.

אַ פרייד כאַפּט אַרום אַלץ
פון דער שנייאיקער ליכט,
בייט אויך דער הימל
זיין כמורנעם געזיכט.

צוריק קומט די זון דאַן
מיט ליכטיקע שטראַלן,
טונקט זיך אין שניי,
וואָס אויף אַלץ איז געפאַלן.

# דער שטראָם

פֿון דער טיפֿער ערד אַרויס
רייסט אַ וואַסער זיך אַרויס,
יאָגט זיך איבער פֿעלדז און שטיין,
און מאַכט אַ וועג פֿאַר זיך אַליין.

רוקט אַרויס אַ באַרג זיין קאָפּ
און זאָגט:
— דעם וועג,
איך טרעט ניט אָפּ,
גיי זיך דיר אַרום, אַרום,
איך וויל דיין וועג
זאָל ווערן קרום.

נאָר דער וואַסער־שטראָם איז גרויס,
וואָס פֿליסט פֿון טיפֿער ערד אַרויס,
טאָג און נאַכט,
ער פֿאַלט און פֿאַלט,
דעם הויכן באַרג,
אויף צווייען שפּאַלט.

אַזאַ שטראָם איז זייער בייז,
וואָס קומט פֿון טיפֿער ערד אַרויס,
ברעכט ער דורך,
און מאַכט זיין וועג,
אָט אַזוי,
דורך נעכט און טעג.

# דער גאָלדענער האַרבסט

אויסגעפּוצט אין פּיל קאָלירן,
נעמט די ערד
אַ שמועס פירן
מיט דעם גראָז און מיט די בלומען,
פון דעם האַרבסט,
וואָס האַלט אין קומען.

אָט קומט ער אָן
אין גאָלד געקליידט,
טוליען בלומען זיך פאַר פרייד, —
אָט שיט ער גאָלד
אויף אַלע זייטן,
און האַלט די פאַרבן אין איין בייטן.

ער גייט, ער קומט
מיט זונענשיין,
אייביג, אייביג, האַרבסט זאָל זיין!
רופן אָפּ זיך גרינע גראָזן:
— אויף האַרבסט
מען קען זיך ניט פאַרלאָזן.

אין די פאַלדן פון זיין קלייד,
זיינען ווינטן איינגענייט.
מיט די ווינטן ברענגט ער קעלט,
און פאַרניכטונג אונזער וועלט.

און אויףביימער גרינע בלעטער
מורמלען, מורמלען שטילערהייט:

— מיט זיין גאָלד און זיינע פאַרבן
ברענגט ער גאָר אויף אונז דעם טויט.

הערט זיך איין די ערד
און זאָגט:
— שוין לאַנג אַז האַרבסט
זיין גאָלד פאַרמאָגט.
און ווען ער קומט
אין גאָלד געקליידט,
פאַרטרייבט ער גלייך,
פון פעלד די פרייד.

דער וואָרצל אָבער,
פון אייך אַלע,
ליגט זייער טיף אין מיר פאַרזייט,
ניט מיט גאָלד און ניט מיט פאַרבן
קען דער האַרבסט אים ברענגען טויט.

אין מיין האַרצן
וועט ער ליגן,
ביז די צייט
וועט קויאַך קריגן,
פאַרטרייבן וואָלקנס
און די קעלט,
און פרילינג ברענגען
אויף דער וועלט.

# דער זייער גייט און זייט

עס זיינען פעלדער אומעטום דאָ
אויף דער וועלט:
אַזוינע,
וואָס זיינען צוגעדעקט מיט שניי,
און ציטערן פון קעלט.

אַזוינע,
וואָס אַ בייזער ווינט
האָט די ערד פון זיי פאַרבלאָזן,
און וואָרצלען
אויף צו וואַקסן
אַרויסגעריסן,
ניט געלאָזן.

אַזוינע,
וואָס זיינען אויסגעצויגן
אין דער לענג און אין דער ברייט,
און טאָג און נאַכט צו היטן זיי
אַ וועכטער שטייט.

נאָר די אַלע פּעלדער ליגן
און זיי וואַרטן,
אַפֿילו די,
וואָס שוין פֿון דווירעס
שטיקן זיך
אונטער אַ צודעק האַרטן,
אויף דעם זייער,
וועלכער גייט און זייט,
פעלד נאָך פעלד
מיט אָט דעם רייכן ברויט,
וואָס וואָרצלט אויס

דעם בייזן הונגער
און די בייזע נויט.

# יאָסל מאַזיק

פּלעקל־שטעקל,
קלאַפּ אין טיר,
יאָסל־מאַזיק
וואַרט אויף דיר.

מיט אַ שטעקן
אין דער האַנט,
וועט ער זײַן איצט
זאַלבענאַנד.

זאַלבענאַנד —
אַ גרויסער אײַסעק,
אָפּטאָן שפּיצלעך,
נעמט אַ כּײַשיק.

יאָגט זיך יאָסל
שוין נאָך טויבן,
און דאָס שטעקל
ברעכט אוים שויבן.

ווערט אין גאַס
אַ גרויס געררודער,
שיקט מען גלײַך
נאָך יאָסלס ברודער.

דאָ האָט יאָסל
זיך דערשראָקן,
אַהיים אַנטלאָפן —
אָן דעם פּלאָקן.

# אונזער קינדער לאנד

עס איז שוין זומער,
עס איז שוין זומער,
אוי, ווי הייס עס איז געוואָרן,
איז שנעלער, קינדער,
פּאַקט די פּעקלעך,
אין אונזער לאַנד
מיר וועלן פאָרן.

אונזער לאַנד,
ווי אַלע לענדער,
האָט וועלדער,
בערג און טיפע טאָלן,
פעלן אָבער,
טיגרעז, לייבן —
אַזוינע,
מוז מען שוין אויסמאָלן.

באָמבעס, קריגשיפן, מילכאָמע,
פאַר קינדערלאַנד
איז אַ בייזער כאָלעם.
עס איז אַ לאַנד,
וואָס וויל קיין קריג ניט,
אונזער לאַנד
וויל פרייד און שאָלעם.

זינגען מיר
פון פרייד און שאָלעם,
מיט שפּיל און אַרבעט
שטאַרק פאַרנומען,
זינגען מיר
פון אַ וועלט אַ נייער,
אַ פרייער,
וואָס עס האַלט
אין קומען.

# שניי און רעגן

הימל בלוי, הימל בלוי,
איך וויל דיך עפּעס פרעגן,
ווער אין הימל מאַכט עס גיסן
פון אַ וואָלקן רעגן ?

און דער וואָלקן
ענטפערט אָפּ,
מיט די טראָפּנס —
טריפּ־טריפּ־טראָפּ :
— וואַסער פון
אַ גרויסן טאָפּ,
אָנגעפילט ביז ברעגן,
טרינק איך, טרינק איך,
טאָג נאָך טאָג,
ביז איך מאַך אַ רעגן.

— זאָג מיר, וואָלקן,
זאָג מיר אויס,
ווער שיקט אויך
דעם שניי אַרויס ?

ענטפערט אָפּ
דער וואָלקן פראָסט :
— איך שפּיל זיך
מיטן ווייסן פראָסט
ווייט פון זונען־שטראַלן,
ווען עס ווערט מיר זייער קאַלט,
מאַך איך שניי זאָל פאַלן.

# דער גרויסער קייסער

ערגעץ ווייט,
אָן אַ זייט,
איז געווען
אַ גרויסער קייסער
אין אַ פּאַלאַץ
שיין און ריין
פאַרליבט
אין זיך אַליין.

ער האָט געהאַט
אַ מאַכנע דינער,
פון געלע
און פון ווייסע
הינער,
וואָס לויפן, שרייען:
קוואָ־קוואָ־קוואָ,
גרויסער קייסער,
מיר זיינען דאָ!

מאַכט דער קייסער
אַ געוויין:
— איך בין געבליבן
אָן אַ קרוין.

קלאָגט ער פאַר די
טרייע דינער
פון געלע
און פון ווייסע הינער:

— וואָס זאָל איך טאָן,
וואָס זאָל איך טאָן!

זאָגן אַלע:
— קוואַ־קוואַ־קוואַ,
דער פּלאַן איז דאָ,
דער פּלאַן איז דאָ!

אַ קאַם אַ הויכן
טו זיך אָן,
וועסט ווערן אונדזער
גרויסער האָן.

מיינע טייערע,
געטרייע,
איך נעם די אייצע
טאַקע אָן.

און דער גרויסער,
גרויסער קייסער
הויבט אָן קרייען
ווי אַ האָן.



# אין לאנד פון שפּילעכלעך

מען האָט ראָכעלען היינט
צו איר געבורטסטאָג
אַ סאַך צאַצקעס געשענקט:
אַ לייב מיט אַזאַ־אָ מויל
און אַזוינע — אָ אויגן!



אַ בער, אַ שווערער אַזאַ,
וואָס וויל קיין טראָט ניט טאָן.



אַ העלפֿאַנט מיט אַ נאָז,
נו, אַ נאָז, —
לענגער פֿון זיינע פֿיס.



אַ מאַלפּע, וואָס קראַצט דעם רעכטן אויער
מיט דער לינקער האַנט
און קיין פּיס האָט זי אינגאַנצן ניט.



אַן אייזל, וואָס איז פויל אַפילע אַ טראַכט צו טאָן,
אַז ער איז ראָכעלעס צאַצקע.





און דאָס פּיקסל צווישן זיי אַלע
נעמט ניט אַראָפּ די אויגן
פֿון דער צאַצקענער פֿויערטע.

ראָבעלעס מאַמע
רופֿט די פֿויערטע כאַסיע־באַסיע.
כאַסיע־באַסיע שלעפּט צוויי זעק
אויף אירע פּלייצעס.

מען וואָלט געקאָנט
אָנרופֿן די נעמען
פֿון אַלע ראָבעלעס צאַצקעס,
דאַרף מען אָבער פֿריער דערציילן,
פֿאַרוואָס ראָבעלע האָט זיך צעוויינט
און ברײַנדלען, איר כאַוועטע,
האָט מען געמוזט אַוועקפֿירן אַהיים...

# עס רייסט זיך אָפּ דעם העלפאַנטס נאָז

ברײַנדל האָט גענומען כאַפּן ראָכעלעס צאַצקעס
און שרייען:
— מײַנע! מײַנע!
אַלץ איז מײַנע!
זאָגט ראָכעלע:
— לאָמיר ביידע שפּילן מיט די צאַצקעס,
און רעד ניט אַזוינע שלעכטע ווערטער:
„מײַנע, מײַנע, אַלץ איז מײַנע!"
האָט ברײַנדל אָנגערופן ראָכעלען:
— מאַלפּע, פּע־פּע.
האָט ראָכעלע געזאָגט,
אַז זי וויל מער ניט שפּילן
מיט ברײַנדלען,
ווײַל ברײַנדל רייצט זיך
און נאָר זי שרייט:
— מײַנע, מײַנע,
אַלץ איז מײַנע!

נעמט ברײַנדל
און דערלאַנגט אַ שלײַדער
ראָכעלעס העלפאַנט
האָט זיך די נאָז בײַם העלפאַנט
אָפּגעריסן
און אַראָפּגעפאַלן
צו דעם בערס פיס.

דאָ האָט שוין ראָבעלע
ניט אויסגעהאַלטן
און זיך אַזוי צעוויינט,
אַז ברײנדלען
האָט מען געמוזט אַוועקפירן
און ראָבעלעס מאַמע
האָט גענומען איינשטילן ראָבעלען:
— וויין ניט, ראָבעלע,
עס איז ניט שיין
צו זיין בייז אויף אַ כאַווערטע.
— און איך בין יאָ בייז אויף איר,
זאָגט ראָבעלע.
— נאָר זי קרימט זיך,
נאָר זי רייצט זיך,
און יאָסלען רעדט זי אָן אויף מיר!

## ניטאָ ראָבעלעס ליאַלקע

אָבער באַלד ווערט ראָבעלע רואיג
און נעמט מאַכן אַן אָרדענונג
צווישן אירע צאַצקעס,
ווייל ברײנדל
האָט זיי אַלע אומגעוואָרפן.
און פּלוצלונג
ווערן אירע בעקעלעך
רויט פאַר קאַעס,
און זי שרייט אויס:

— וואו איז די ליאַלקע,
וואָס יאָסל האָט מיר היינט געשענקט ?
ברײַנדל האָט זי צוגעשלעפּט !
ברײַנדל וועט דער ליאַלקע ווייטאָן !
לאָז מיך, מאַמעלע, לויפֿן צו ברײַנדלען !...
איך וויל די ליאַלקע !
איך וויל די ליאַלקע !

— מיידעלע מײַנע,
באַרויִק זיך.
עס איז שוין שפּעט בײַנאַכט.
אין אַלע הײַזער שלאָפֿט מען שוין,
און אין גאַס
איז פֿינצטער־פֿינצטער !
ברײַנדל האָט געוויס געמאַכט אַ שפּאַס,

און מאָרגן פֿרי,
זייער פֿרי,
וועט זי צוריק
די ליאַלקע ברענגען...
אַ כאַוועטע מעג שפּאַסן,
אַ־יאָ, ראָכעלע,
זי מעג שפּאַסן ?
— און איצטער, קלייניקע,
אָט אַזוי — זיך אויסטאָן.
דאָס בעטעלע וואַרט אויף דיר.

שפּרינגט ראָכעלע
אין איר בעטעלע אַרײַן,

באַהאַלט זיך אונטער דער קאָלדרע
און זאָגט:
— איך וועל דערציילן יאָסלען,
אַז ברײַנדל האָט די ליאַלקע
צוגעשלעפּט.

**— אָבער איצטער, מיידעלע,**
**שלאָף איין, — זאָגט די מאַמע.**
**לאָזט אָבער ראָכעלע**
**ניט רוען איר צינגעלע**
**און קלאַפּט אויס ווידער**
**אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט:**

— לאַנג, מאַמעלע,
וועל איך נאָך פיר יאָר זיין,
דערנאָך וועט זיין אַ טאָג
און עס וועט מיר פינף ווערן.
וועל איך ווידער האָבן
אַ געבורטסטאָג.
אָבער ברײַנדלען וועל איך
צו מיין יאָנטעוו מער ניט רופן —
זי איז אַ שלעכטע!

**דערווײַלע ראָכעלע,**
**מאַך צו די אויגעלעך...**
**זינגט מאַמע ראָכעלען:**

— אַליע-ליו-לע,
מיידעלע, ליו,

אין דיין בעטעלע
שלאָף אין רו.
אַלע צאַצקעלעך
וואַרטן שטיל,
האָבן מיט ראָכעלען
מאָרגן אַ שפּיל.

## ראָכעלעס צאַצקעס שפּילן אַליין

ראָכעלע שלאָפֿט איין,
און מאַמע גייט פֿאַמעלעכל אַוועק.
ווערט אין צימער שטיל,
שטיל . . .
פֿאַרפֿירן ראָכעלעס צאַצקעס
צווישן זיך אַליין אַ שפּיל.
רוקט אַרויס דער צאַצקענער העזל
זיין צעשראָקן נעזל
און זאָגט :

— כעוורע צאַצקעס,
שנעלער, שנעל,

אין לאַנד פון שפּילעכלעך
לאָמיר גיין.
ראָכעלע שלאָפֿט,
זי וועט ניט וויסן,
אַז זי בלייבט די גאַנצע נאַכט אַליין.

אָבער דער צאַצקענער מייקל
מיטן פּייקל
שרייט :
— ניין, ניין,
עס איז ניט שיין
צו לאָזן ראָבעלען אַליין.
מיר וועלן זי בעסער אויפוועקן,
אָבער, כאָלילע ניט דערשרעקן . . .
וועט זי זען,
אַז מיר האָבן אַלע אירע זאַכן
מיטגענומען,
וועט זי אויך צו אונז אַהין
קומען . . .
און שטיל, שטיל הויבט אָן מייקל
קלאַפּן אין זיין פּייקל.

דערווײַלע ווערן ראָבעלעס צאַצקעס
גרויסע, גרויסע,
און עס עפנט זיך אַזאַ ברייטע טיר,
און אַלע גייען זיי אַוועק
ווייט אַהין, אַרויס פון טיר.
און באַסיע־באַסיע
די פּויערטע, מיט צוויי זעק
אויף אירע פּלייצעס —
גייט נאָך זיי מיט אַ געזאַנג :

„ניט געליאַרעמט,
שטילער, שטיל,

מיר גייען איצט
אין לאַנד פון שפּיל.
כעוורע צאַצקעס,
לויפט אין וואַלד
און שרעקט ניט ראָכעלעו,
זי קומט דאָ באַלד".

כאַפּט זיך ראָכעלע אויף
און שפּרינגט אַרויס פון בעטל.
דערזעט זי די אָפענע טיר
און וואונדערט זיך:

— באַ מיר אין צימער אַזאַ טיר?
איך האָב עס קיינמאָל ניט געזען!
לויפט צו ראָכעלע נעענטער צום טיר
און הויבט אָן פּאַטשן מיט די הענטלעך:

— וואָס איך זע,
אַ גאָרטן מיט בוימער
און מיט בלומען!
אָבער זע נאָר,
עס איז דאָך נאַכט געווען,
ווען די מאַמע
האָט דאָס ליכט פאַרלאָשן,
און דאָ, אין גאָרטן,
איז גאָר ליכטיק
און עס שיינט די זון!

# ראָכעלע געפינט איר ליאַלקע

לאָזט זיך ראָכעלע אין גאָרטן גיין.
און דאָרטן,
צווישן בלומען
קלייניקע און גרויסע,
דערזעט ראָכעלע די ליאַלקע,
וואָס יאָסל האָט איר געשענקט.



אוי, אַ פרייד!
זי נעמט די ליאַלקע קושן
און וויל איר עפּעס פרעגן,
ערשט — פּלוצלונג —
נאַדיר גאָר אַזאַ זאַך!
פון הינטער אַ בוים
קריכט אַרויס ברײַנדל
און שרייט שוין ווידער:

— מיינע, מיינע,
דער גאָרטן און די בלומען
און אויך די ליאַלקע —
אַלץ איז מיינע!

און זי רייסט שוין טאַקע
באַ ראָכעלען
די ליאַלקע פון די הענט.
נאָר דאָ איז שוין
אַ גליק געשען:
יאָסל, אַ פּאַרסאָפּעטער
פון שנעלן לויפן,
איז פּונקט אין צייט
געקומען ראָכעלען צוהילף.
— לאָז אָפּ די ליאַלקע,
שלעכטע וואָס דו ביסט, —
זאָגט ער אין אַ טאָן אַ הויכן,
— און אויב דו הערסט ניט אויף
צו רעדן שלעכטע רייד,
טרייב איך דיך אַוועק פון דאַנען,
און אַן עק!

## די פּויערטע מיט צוויי זעק אויף די פּלייצעס

וויל שוין ראָכעלע שאָלעם מאַכן,
און זי בעט זיך:
— ברײַנדל, לאָמיר בעסער
אַלע שפּילן דאָ צוזאַמען.
נעמט בריינדל ראָכעלען אַרום
מיט ביידע הענט
און זאָגט איר שטיל אין אויער:
— גיב מיר, ראָכעלע,
דיין ליאַלקע אויף אַ ווײַלע,
גיב זי מיר!

— נאַ — זאָגט ראָכעלע, —
און שפּיל זיך מיט דער ליאַלקע
וויפל נאָר דו ווילסט.

כאַפּט ברײַנדל גלײַך די ליאַלקע
און צעלאַכט זיך הויך:

כאַ־כאַ־כאַ! אָט איצט וועל איך
צעברעכן דײַן ליאַלקע!
און טוט זי אַזאַ שלײַדער
אויף די שטיינער,
אַז די ליאַלקע נעמט פאַר ווייטאָג
שרײַען:
מאַמע!

ראָכעלעס אויגעלעך
פאַרציִען זיך מיט טרערן.
יאָסל וויל שוין נעמען
שלאָגן זיך מיט ברײַנדלען.

ערשט פון וואַנען האָט זיך עס גענומען —
אַ פויערטע,
אַ הויכע, אַ געזונטע,
אויף אירע פּלײצעס
הענגען צוויי זעק.
די פויערטע
לאָזט ברײַנדלען
ניט אַנטלויפן
און זאָגט איר בייז:

— מיין ניט, ברײַנדל,
אַז דײַנע שפּיצלעך
וועלן גלאַט אַזוי אַראָפּ פאַר דיר!
פאַרוואָס האָסטו דער ליאַלקע
אַזוי ווי געטאָן?
צאַצקעס האָבן פײַנט
אַ מיידעלע, וואָס ברעכט זיי.
זאָלסט וויסן,
אַז דאָס לאַנד פון שפּילעכלעך
האָט גרויסע, טיפע וועלדער.
אין די וועלדער
וואוינען אַלע מינים כאַיעס.
אויף אַ מיידעלע,
אַזאַ, ווי דו,
אַלע, אַלע ווערן זיי אין קאַעס.
איך זאָג דאָס דיר,
ווײַל איך בין כאַסיע־באַסיע.

**ווײַל ברײַנדל כאַסיע־באַסיען**
**עפּעס זאָגען,**
**קוקט ניט כאַסיע־באַסיע אין איר זײַט,**
**און דערציילט, אַז ראָכעלע**
**מיט יאָסלען זאָלן הערן:**

— איך קום פון דאָרף,
וואו עס זײַנען דאָ קיעלעך,
וואָס גיבן מילך.

איך קום פון דאָרף,
וואו עס זיינען דאָ גרויסע,
גרינע פעלדער,
און עס וואַקסן אויף די פעלדער —
קערנער, מערעלעך
און גרייפּעלעך אויף קאַשע.
ברענג איך אַלע זאַכן
צו די קינדער,
וואָס שפּילן זיך צוזאַמען
און פרייען זיך אַ גאַנצן,
גאַנצן טאָג.

## זינגען קינדערלעך אין קינדער־גאָרטן

דערווײַלע זעצט זיך ראַכעלע
בריינדל שמעקט אַרום פון אַלע זייטן
כאַסיע־באַסיעס זעק
לעבן כאַסיע־באַסיען,
יאָסל קוקט און קוקט
כאַסיע־באַסיען
גלייך אין פּאָנים.
און טוט אַ שפּרונג צו כאַסיע־באַסיען
ווי אַ ווילדע:
— זאָג וואָס האָסטו דאָ
אין דיינע גרויסע זעק!

וויל כאַסיע־באַסיע
בריינדלען עפּעס זאָגן,

דערהערט מען אָבער
אַ געזאַנג פון קינדער.
די ווערטער, וואָס זיי זינגען,
טראָגן זיך ווי פייגעלעך
אין לופטן,
כאַפּן זיך אַריין אין אויער,
און קייקלען זיך אַליין אַריין אין מויל.
און ראָכעלע און יאָסל
און אַפילע בריינדל
זינגען נאָך :

— אינדערפרי, אינדערפרי,
לויפן מיר זיך וואַשן,
לויפן מיר זיך צוואָגן.
אָנגעטאָן זיך,
אין אַ ריי,
מיט די הענטעלעך —
קלאַפּ—קלאַפּ,
מיט די פיסעלעך —
טאָפּ—טאָפּ,
קומען מיר אין קינדערגאָרטן
אַלע טאָג.

פילט ראָכעלע, אַז דאָס לידעלע
איז ווי אַ שטריקעלע,
וואָס ציט זי אַהין,
צו יענע קינדערלעך

אין קינדערגאָרטן.
זאָגט זי עס כאַסיע־באַסיען,
איז יאָסל אויך שוין גרייט צו גיין.
שרייט בריינדל:
— איך וויל אויך! איך וויל אויך!

## כאַסיע־באַסיע ברענגט קיכעלעך

— איז וואָס־זשע, —
מאַכט כאַסיע־באַסיע, —

עס איז אַ גלייכע זאַך.
אָבער פריער הערט מיך אויס,
און הערט זיך איין מיט קאָפּ:
אין ברענג די קינדערלעך
אין קינדערגאָרטן אַלע טאָג —
אי מערעלעך, אי יאַגעדעס,
אי גרייפּעלעך אויף קאַשע.
און אַז זיי זאָלן קאָנען
די אַלע זאַכן
עסן מיט געשמאַק,
וואַרפן זיי אַריין
אַלע שלעכטע ווערטער
צו מיר אין אָט דעם זאַק.
ווערן ריין און ציכטיג
זייערע מיילער,
און דערפאַר,

גיב איך זיי צו נאַשן
פון מיין צווייטן זאַק —
זיסע קיכעלעך.
איז — אָט, אין קינדערגאָרטן
וועל איך אַלע דריי איידער נעמען,
אָבער פריער מוזט איר אָפגעבן
די שלעכטע ווערטער,
וואָס איר האָט ביי זיך.

איז ראָכעלע
די ערשטע שוין ביים זאַק.
יאָסל וואַרט שוין
מיט אַן אָפן מויל.

בריינדל
איז אַביסעלע דערשראָקן,
אָבער זי וואַרפט אויך אַריין
די שלעכטע ווערטער אירע
צו כאַסיע־באַסיען אין איר זאַק.

בריינדל אָבער בלייבט דאָך בריינדל,
טוט זי זיך אַ קער אַביסל אָן אַ זייט,
און שטיל, אַז קיינער זאָל ניט זען,
גאַנווועט זי אַרויס
פון איין זאַק קיכעלעך
און שטופט צו זיך
אין קעשענע אַריין.
פון צווייטן —

כאַפּט זי שלעכטע ווערטער
און באַהאַלט זיי טיף
אין אירע אויגן,
און אויך —
אין אירע אויערן.
אָפּגעטאָן, אַז קיינער זאָל ניט זען,
גייט זי און זי לאַכט צו זיך אַליין:

— זי מיינט דאָך, כאַסיע־באַסיע,
אַז איך האָב מוירע
פאַר די זעק פאַר אירע
אָט האָב איך צוריק
אַלע ווערטער מיינע,
גוט באַהאַלטן זיי,
און וועל אויך
קאָנען עסן
זיסע קיכעלעך!

## ברײנדל שרײַט שוין — מײַנע! מײַנע!

דערווײַלע עפענען זיך
די טויערן פון קינדערגאָרטן,
און אַלע קינדערלעך פון דאָרטן,
לויפן שוין אַנטקעגן
און פּאַטשן מיט די הענטלעך:

— קיכעלעך געבראַכט?
כאַסיע־באַסיע, קיכעלעך געבראַכט?

כאַסיע־באַסיע טיילט די קיכעלעך
צו יעדן פון זיי און זאָגט:

— קינדערלעך, אָט זיינען געסט
צו אייך געקומען —
ראָכעלע און יאָסל
און אויך —
דאָס מיידעלע ברײַנדל.
באַווייזט זיי אַלע שפּילן,
וואָס איר האָט אין קינדערגאָרטן.

זעצט זיך ראָכעלע גלייך אַוועק,
יאָסל העלפט די קינדער
צוגרייטן דעם שפּיל.
קומט אַרויס אַ מיידעלע
אין אַ שיין, רויט היטעלע.
גאַנוועט זיך ברײַנדל שטיל צו צום מיידעלע
און זאָגט איר אויפן אויער,
אַז קיינער זאָל ניט הערן:

— כוויל, מיידעלע, דאָס היטעלע,
גיב עס מיר!
— ניין, ברײַנדל,
איך דאַרף אַ טאַנץ באַווייזן
ראָכעלען, יאָסלען און אויך דיר.

און טאַקע גלייך הויבט אָן
דאָס מיידעלע טאַנצן.
כאַפּט ברײַנדל זי ביים קליידל
און שרייט אין פּאָנים איר אַריין:

— ביסט אַ מאַלפּע!
ביסט אַ פּע — פּע!
דיין היטעלע איז מיינס!
אַלץ איז מיינס!
דו הערסט?

אַלע קינדער קוקן זיך אַרום —
געהערט אַזאַ מין זאַך?
טוט מען זיך אַ לאָז צו כאַסיע־באַסיען
מיט גרוים געפּילדער:

— מיר ווילן אויך
אַזעלכע ווערטער פון דיין זאַק!

ווערט כאַסיע־באַסיע אַזוי צעטומלט,
אַז זי ווייס שוין גאָר ניט וואָס צו טאָן.

# אַ בער מיט אַ העלפאַנט־נאָז

נאָר דאָ פּאַסירט אַזוינס,
וואָס מען מוז עס גלייך דערציילן.

אַ בער, אַ גרויסער
מיט אַ לאַנגער נאָז,
ווי בײַ אַ העלפאַנט,
קומט אַריין אין קינדערגאָרטן
אַביסל אַ פאַרטראַכטער.
זאָגט ער צו די קינדערלעך אַזוי:

— איך האָב אַנטליען אַט די נאָז
ביים העלפאַנט
אויף אויסצושמעקן ווער פון אייך,

עס האָט דאָ שלעכטע ווערטער.
גייט דער בער
פון איינעם צו דעם צווייטן,
דרייט דעם העלפאַנטס נאָז
אין אַלע זייטן.
קוקט אַזוי פאַרטראַכט
און זאָגט צו בריינדלען:



— עס דוכט מיר,
אַז מיט דיר איז עפּעס דאָ ניט גלאַט.
האָסט באַהאַלטן שלעכטע ווערטער,
זאָג אוים— וואו?

בריינדל גיט אַ שפּרונג
דעם בער אין פּאָנים און פּלאַצט אַרויס:

— ביסט אַ נאַר און ניט קיין בער,
ביסט אַ פּע — פּע!

און זי מאַכט אַזאַ פאַרקרימטן פּאָנים,
אַז מען קאָן אויף איר ניט קוקן מער.
אָט — דאָ האָט שוין דער בער
ניט אויסגעהאַלטן,
אַ כאַפּ געטאָן בריינדלען
מיט זיין לאַנגער נאָז — און היידאַ,
איז מיט איר אַוועק, אַוועק.

די קינדער האָבן גוט פאַרשטאַנען
און זאָגן איינער צו דעם צווייטן:
פון וואַלד איז ער געקומען,
פון וואַלד איז ער געקומען
בריינדלען צוגענומען,
בריינדלען צוגענומען!

ווערט ראָכעלען זייער שלעכט אויפן האַרצן,
וואָס דער בער האָט בריינדלען צוגענומען.
וויל זי זיך צעוויינען,
נאָר זי האַלט זיך איין
און זאָגט צו כאַסיע־באַסיען:
— כאַסיע־באַסיע, קום, —
לאָמיר בריינדלען זוכן!
מיר קענען זי ניט איבערלאָזן באַ דעם בער.



דער בער האָט טאַקע בריינדלען
אין וואַלד אַוועקגעפירט,
געבראַכט זי צו אַ הויכן, ברייטן בוים
און איר געזאָגט:
— אָט האָסטו דיר אַ צימער
אין דער לאָך פון בוים.
וועסט זיצן דאָ אַליין.
קאָנסט שרייען וויפל נאָר דו ווילסט,
מיינע, מיינע, אַלץ איז מיינע!
קאָנסט זידלען זיך,
קיינער וועט שוין דיך ניט הערן דאָ!

**און מיט דער העלפאַנט-נאָז**
**האָט ער, דער בער,**
**בריינדלען צוגעבלאָזן צו דעם בוים**
**און איז אַוועק.**



# כאַסיע-באַסיע, ראָכעלע, יאָסל אין וואַלד

דערוויילע זיינען כאַסיע-באַסיע
מיט ראָכעלען און יאָסלען
אַריין אין וואַלד.
און זיי זעען און זיי הערן:

פייגעלעך אויף אַלע בוימער זינגען,
העזעלעך אין גרינעם גראָז
קוליעווען זיך, שפּרינגען,
וועווערקעס זוכן, זוכן
ניסעלעך צו רייסן.
זעצן זיך אין גראָז אַראָפּ
די ניסעלעך צו בייסן.



הויבט אָן כאַסיע־באַסיע נאָכצופרעגן:
— פייגעלעך, העזעלעך,
ווערווערקעס אין גרעזעלעך,
עפּשער ווייסט איר ווער,
וואו עס וואוינט דער בער?
ענטפערן זיי אַלע באַלד:

— אונזער לאַנד פון שפּילעבלעך
איז זייער, זייער גרויס,
וואו עס וואוינט דער בער אין וואַלד
זאָגן מיר ניט אויס.
און דערנאָך זאָגט אויך דער וואַלד:
— אונזער לאַנד איז זייער שיין,
יעדער ווינקעלע איז ריין,
פול מיט שיין און פול מיט שפּיל,
און זינגען — וויפל נאָר מען וויל.
פון שלעכטע קינדער,
וואָס טוען ווי,
לאַכט מען אָפּ
באַ אונז פון זיי,
און מיר גיבן זיי אַ שטראָף,
האַלבע נאַכט,
אינמיטן שלאָף.

# קומט אַ גרויסער לייב

ווערט דאָך כאַסיע־באַסיען זייער שלעכט,
און זי ווייס ניט
וואָס ראָכעלען צו זאָגן.
אָבער דאָ קומט אָן אַנטקעגן זיי אַ לייב.
פאַלט איין כאַסיע־באַסיען גאָר אַ גוטע זאַך.
זאָגט זי צו דעם לייב אַזוי:
— דער וואַלד איז טיף און גרויס,
און כאַיעס זיינען דאָ אַ סאַך.
וואָלט איך געוואָלט
זאָלסט אונז מיט זיי באַקענען.

— פאַר אַזוינע געסט ווי איר,
זאָגט דער לייב,
וועל איך זיי אַלע רופן!

און ער לייגט אַריין אַ לאַפּע אין זיין מויל,
גיט אַ הויכן פייף,
קומען טאַקע אָן די כאַיעס
איינע נאָך דער צווייטער.

רופט דער לייב
צו אַלע כאַיעס פון דעם וואַלד:

— איר זעט? עס זיינען געסט צו אונז געקומען,
דאַרף מען ווי געהעריק אויפנעמען די געסט!

— דו, בער, ברענג אַהער דעם האָניק,
וואָס דו האָסט באַהאַלטן.
דו, מאַלפּע, רייס אַראָפּ די בעסטע ניס פון בוים

און ווער פון איך עס האָט נאָר עפּעס נוטס,
ברענגט עס פאַר די ליבע געסט.



יאָסל האָט דערווײַלע מיט זײַן מעסערל
אָפּגעשניטן פון אַ צווײַג
אַ דיקן שטעקן,
איז צוגעגאַנגען צו דעם בער
און שטיל געזאָגט אים אויפן אויער:

איך האָב דאָך דיך דערקענט.
ברײַנדלען וואו האָסטו פאַרשלעפּט?

און ער טוט אַזוי אַ הויב
דעם שטעקן אין דער הויך,
אַז דער בער הויבט אָן אַזש פינטלען מיט די אויגן
נעמט יאָסל אָן דעם בער ביים אויער,
און אַז קיינער זאָל עס ניט באַמערקן,
פירט ער אים אַרויס
הינטער הויכע ביימער
און טוט שוין אים אַ זאָג מיט קאַעס:

— אָט, זעסט מײַן מעסערל
און דעם שטעקן, וואָס איך האָב?
ווּעסט פילן, זאָג איך דיר,
אַ שלעכטן טאַם פון זיי.
בעסער זאָג, וואו ברײַנדל איז?

דערזעט דער בער,
אַז מיט יאָסלען קאָן מען גאָרניט מאַכן,
צעלאַכט ער זיך און זאָגט:

— גוט, זעץ זיך רייטנדיק אויף מיר,
ווע׳ל איך אין איין מינוט
דיך ברענגען צו דעם בוים,
וואו ברײנד׳ל זיצט אַליין,
און מיר ווע׳לן ברענגען זי
צוריק צו ראַבע׳לען.

און אָט איז שוין דער בוים,
וואו ברײנד׳ל איז אַליין.
ברײנד׳ל ש׳לאָפֿט דערווײ׳ל געשמאַק
און הערט ניט וואָס עס טוט זיך.

כאַפּט יאָס׳ל ג׳לייך זיין מעסער׳ל,
שניידט אויף דעם בוים,
און מיטן גאַנצן קויער
ש׳לעפּט ער זי אַרויס פֿון דאָרטן.

## דער בער מיט יאָסלען ברענגען ברײנדלען צוריק

ברײנד׳ל האָט זיך אויפגעכאַפּט פֿון ש׳לאָף,
ווען זי איז שוין מיט ראַבע׳לען געווען.
האָט זי זיך צעוויינט פֿאַר פֿרייד.
— אוי, ווי ש׳לעכט ס׳איז מיר געווען
צו זיין אַליין! זאָגט ברײנד׳ל
דאָ פֿאַר אַלעמען:
— איך בין זיך מודע,
איך האָב ש׳לעכטע ווערטער
אין די אויגן זיך פֿאַררוקט.

איך בין זיך מודע,
אַז איך האָב די שלעכטע ווערטער
אויך אין די אויערן פאַרשטופּט.
איצטער וויל איך שוין ניט מער
אַזוינע ווערטער האָבן,
און וויל זיי מער ניט זאָגן.

**וואָלט אַלץ געווען שוין גוט,**
**האָט אָבער דער העלפאַנט,**
**וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען,**
**דעם קאָפּ באַהאַלטן אין אַ בוים,**
**ברײַנדלען אָנגעקלאָגט**
**אין גאָר אַ שלעכטע זאַך:**

— צוליב ברײַנדלען בין איך איצט
געבליבן אָן אַ נאָז,
און קאָן מײַן פּאָנים קיינעם ניט באַווײַזן.
איז ווי זשע, דענקט איר,
דאַרף איך עס פאַרשווייגן?

**דאָ איז יאָסל שוין צוהילף געקומען.**
**יאָסל איז אַ גרויסער בעריע צו פאַריכטן זאַכן.**
**כאַפּט ער זיך אַרויף**
**דעם העלפאַנט אויפן קאָפּ, —**
**ער דרייט אַהער, ער קוקט אַהין,**
**ער נעמט אַ מאָס,**
**און אָט האָט דער העלפאַנט**
**שוין צוריק זײַן נאָז.**

ווערט אַ שׂימחה און אַ פרייד,
לאָזן זיך די כאַיעס אין אַ טאַנץ.
טאַנצן אויך די בוימער און דער וואַלד,
ביז ראָכעלען פאַרדרייט זיך
אַזש דער קאָפּ.

## צוריק אין בעטעלע

און פּלוצלונג, — אוי אַ וואונדער,
די כאַיעס זיינען קליינינקע געוואָרן
און אַלע קומען נעענטער צו איר.
רייבט ראָכעלע די אויגן,
— וואָס איז דאָס ?
ערשט זי איז גאָר אין בעטעלע ביי זיך.
אין צימער זיינען אַלע אירע צאַצקעס,
און אַלע שמייכלען זיי צו איר.

כאַפּט זיך ראָכעלע,
אַז זי מיט אירע צאַצקעס,
האָט דער כאָלעם אין דעם לאַנד
פון שפּילעכלעך פאַרפירט.
ווינקט זי זיי,
זיי זאָלן איצטער שווייגן
און ניט דערציילן,
וואָס עס האָט פּאַסירט.



# אַ האָן מיט אַ שטעקעלע

אַ האָן מיט אַ שטעקעלע,
און מיט אַ קליינעם פּעקעלע,
איז געקומען אין וואַלד,
און באַלד געמאַכט אַ גוואַלד.

דערשרעקט זיך אַ העזעלע,
און צעבּרעכט אַ גרעזעלע,
און אַ קליין בּלעטעלע
פאַלט אַרויס פון איר בּעטעלע

פאַר גרויס שרעק אַ פייגעלע
פינטלט מיט אַן אייגעלע,
און אַ גרויסע פלעדערמויז
פליט צוריק אַריין אין הויז.

זעט דאָך שוין דער האָן,
וואָס ער האָט אָפּגעטאָן,
אַנטלויפט ער בּאַלד
פון דעם גרויסן וואַלד.

# דער פרילינג איז געקומען

פֿריידעלע איז היינט פֿרי אויפֿגעשטאַנען,
ווייל די זון האָט אַזוי שיינען גענומען,
אַזש דער ווינטער איז אַנטלאָפֿן,
און דער פֿרילינג איז גלייך געקומען.

האָט זיך די ערד מיטן פֿרילינג אַזוי דערפֿרייט,
אַז זי האָט די פֿעלדער מיט בלומען אויסגעשפּרייט
דעם וואַלד פֿון שלאָף אויפֿגעוועקט,
און ביימער מיט גרינע בלעטער באַדעקט.



אַ פֿרילינג ווינטל
האָט פֿריידעלען אַרומגענומען,
און איר אין אויער געשעפּטשעט :
„באַלד, באַלד וועט שוין דער זומער קומען".

דערפֿרייט זיך פֿריידעלע,
און פֿרעגט דעם ווינטל שטיל :
— וועסטו מיר העלפֿן, ווינטעלע,
צוטראַכטן אַ זומער־שפּיל ?

— נײַן, פֿרײדעלע,
איך האָב נאָך אַ לאַנגן װעג.
צעלאָזט ער אירע צעפּעלעך,
צעבלאָזט אירע קלײדעלעך,
און טראָגט זיך שנעל, שנעל,
צו די װאָלקנס אַװעק.

יאָגן זיך, טראָגן זיך אין הימל פֿאָראױס,
װאָלקנדלעך, װי שעפּעלעך װײַסע,
קוקט פֿרײדעלע צו זײ,
און טראַכט, און טראַכט,
װי צו דערצײלן די גאַנצע מעשׂה.



# סאָרעלע מיט איר קעצעלע

ווייל סאָרעלע אַז איר קעצעלע,
זאָל ווי אַ גרויסע פאַרשטיין,
אַז עס איז צייט פאַר זיי ביידן
אין קינדערגאָרטן גיין.

אַרומלויפן ווי ווילדע,
איז גאָרניט אַזוי שיין,
און אַז מען לערנט ניט,
פאַרבלייבט מען אויף שטענדיג קליין.

גייען זיי טאַקע ביידע אין קינדערגאָרטן.
האָט סאָרעלע דאָרטן פריינט אַ סאַך,
טאַנצט זי מיט זיי,
זינגט זי מיט זיי,

און לידעלעך קען סאָרעלע,
אר־וואַ, מער שוין ווי צוויי!

לערנט סאָרעלע מאַכן
אַ שטעקעלע און אַ רעדעלע
אויף אַ גרויסן שטיק פּאַפּיר,
אַרבעט סאָרעלע שווער,
נאָר איר קעצעלע מיינט,
אַז דאָס איז גאָר אַזאַ שפּיל.

כאַפּט זי אויך אַ פּאַפּיר,
און וויל אַ שטעקעלע מאַכן,
האָבן עס דערזען די קינדערלעך,
און גענומען אַזוי לאַכן,
אַז דאָס קעצעלע האָט זיך פאַרשעמט,
און דעם שטעקעלע אָנשרייבן ניט געקענט.

פאַרדריסט עס סאָרעלען,
זי האַלט זיך קוים איין פון געוויין,
פע, זאָגט סאָרעלע,
אָפּלאַכן פון יענעם,
איז גאָרניט אַזוי שיין.

קיינער ווייסט ניט צי סאָרעלעס קעצעלע
האָט זיך אויסגעלערנט אַ שטעקעלע מאַכן,
אָבער די קינדערלעך אין קינדערגאָרטן
וועלן שוין מער פון קיינעם ניט אָפּלאַכן.

# שווימען גענדזעלעך

שווימען קליינע גענדזעלעך,
מיט געלע, געלע נעזעלעך,
הויבן מיט די פליגעלעך,
און מאַכן וואַסער בלעזעלעך.
שרייט אויף זיי די מאַמע גאַנדז,
גאַ־גאַ־גאַ־גע,
אַוועקשווימען פון מאַמעלען —
פע, פע, פע.
קומט צוריק, איר קליינינקע,
אַהער צו אייער מאַמען,
אַז איר וועט שטיפן אַט אַזוי,
וועט איר וועטשערע פאַרזאַמען.
ענטפערן די גענדזעלעך,
און הויבן מיט די פליגעלעך,
מיר ווילן היינט פאַר וועטשערע,
אייז־קרים פולע קריגעלעך.



# דער העלדישער האָז

אינגעלע צינגעלע,
גלעקעלע קליין,
לאָזט זיך שפּאַצירן,
איבער פעלדער אַליין.

דערזעט ער באַהאַלטן,
טיף אין דעם גראָז,
אַ זייער צעשראָקענעם
ווייסינקן האָז.

וואָס שרעקט דיך, העזעלע,
ווּעסט אויסזאָגן מיר ?
איך בין אינגעלע צינגעלע,
איך וויל שפּילן מיט דיר.

קריכט העזעלע ווייסינקער
פון גראָז גלייך אַרויס,
און פאַר אינגעלע צינגעלע
זיין האַרץ רעדט ער אויס.

איך וויל ניט, איך וויל ניט
זיין מער אַ האָז,
און ליגן פאַר מוירע
באַהאַלטן אין גראָז.

איך וויל ווערן אַ העלד,
וואָס קען ווי טאָן און שלאָגן,
און אפילע דעם לייב
זאָל איך קענען פאַריאָגן.

אָבער דאָ האָט אַ הונט זיך
באַוויזן אין פעלד,
איז אַ שרעק אָנגעפאלן,
אויף דעם האָז, אויף דעם העלד.

פון וויי־טאָן און שלאָגן,
האָט ער שוין מער ניט געטראַכט
און אינגעלע צינגעלע,
האָט געלאַכט און געלאַכט.

# שפּיל מיר אַ לידעלע



צווי, צווי,
פייגעלע,
ניט פינטל מיט דיין
אייגעלע,
שפּיל פאַר מיר
אַ לידעלע,
אויף מיין קליינעם
פידעלע.

צווי, מיין שיין
מיידעלע,
שיין איז אויך דיין
קליידעלע,
אויף דיין קליינעם
פידעלע
שפּיל אַליין
אַ לידעלע.

צווי, צווי,
איך פלי,
איך פלי,
אויף צווייגעלעך
צו שפּרינגען,
דאָרט מיט מיינע כאַווערטעס
לידעלעך צו זינגען.



#ביילקעס מאַלעריי

מאָלט ביילקע אַ ליאַלקע,
וואָס קען זיצן און גיין,
און נעמען דאָס עסן
פון אייזבאַקס אַליין.

אַזאַ ליאַלקע דאַרף האָבן
אַ שטוב ווי אַ בלום,
אַ בעט מיט אַ טיש
און פיר שטולן אַרום.

זיצט ביילקע באַם טישל
אַרבעט און טראַכט,
פּלוצלונג האָט זי זיך
הילכיק צעלאַכט.

זי זעט ביי דער ליאַלקע
אין שטיבעלע שטייט
אַהינדל אַ קליינע,
אינגאַנצן פון רויט.

אין דער לופטן אַ פליג
דרייט זיך און זינגט,
און אין אַ ווינקל אַ שפּין,
אַ נעץ פאַר איר שפּינט.

קוקט די רויטינקע הינדעלע
מיט איין אויגל אַהין,
און טוט זיך אַ לאָז
מיט איר שנאָבל צום שפּין.

דו בלוטזויגער איינער,
איך האָב דיך אַלעמאָל פיינט
אָט דאָ ביי דער ליאַלקע,
וועט זיין אַ סוף צו דיר היינט.

און עס לאָזט זיך די הינדל
אין געשלעג מיטן שפּין,
צעוואָרפט אַלץ אין שטיבל
אַהער און אַהין.

זעט ביילקע, אוי וויי!
עס איז צעשטערט איר מאַלעריי,
נו, וועט זי מאָלן
דאָס בילד אויף דאָס ניי.

# דער האָן מיטן האָז

קוקורעקו, קוקורעקו,
שרייט דער האָן,



איך עס קיכעלעך מיט מאָן,
איך עס קיכעלעך מיט מאָן.

וויינט דער האָז:
איך וויל אַ העלפאַנטס נאָז,
אין גאָרטן שטייען בערן
און היטן אָפּ די מערן.





ווײַל איך, וויינט דער האָז,
מיטן העלפֿאַנטס נאָז,
אַרויסטרײַבן די בערן
און אויפֿעסן די מערן.

ניין, זאָגט דער האָז,
מען טאָר עס ניט טאָן,
נאָר בעסער קיכעלעך מיט מאָן,
קיכעלעך מיט מאָן.

# האָבן גרעזעלעך גערעדט

האָבן זיך גרעזעלעך
צווישן זיך צערעדט,
ווען זיי זיינען אויפגעשטאַנען
פון זייער ווינטער בעט.

— דער פרילינג איז געקומען,
דער פרילינג איז געקומען! —
און יעדערע פון זיי
האָט זיך אָנטאָן גענומען.

געקוקט גלייך צום הימל,
און אַ ליד זיך געזונגען,
און אָט ווי דאָס ליד
האָט אין ווערטער געקלונגען:

— הימל בלוי,
ביסט אַזוי גרויס,
שיק אַ רעגן
אונדז אַרויס.

גיס־זשע, רעגן,
טריפּ־טריפּ־טראָפּ,
וואַש דעם שטויב
פון אונדז אַראָפּ.

עס איז די צייט
שוין אָנגעקומען,
דעם זומער אויספּוצן
אין בלומען.

איז גיס־זשע, רעגן,
טריפּ־טריפּ־טראָפּ,
וואַש דעם שטויב
פון אַלץ אַראָפּ.

וועלן קינדער
זומער קומען,
פלעכטן קראַנצן
פון די בלומען.

# קעצעלע בובו

איי, איז זי אַ קעצעלע אַ שטיפערן!
נאָר אַ האָר, לערנט זי סאָרעלען
זאָגן מי־יאַ־או.
טראַכט זיך סאָרעלע:
אויב אַזוי,
וועל איך דיך אויך עפּעס לערנען.

— אַנו, קעצעלע שטיפערן,
זאָגט סאָרעלע,
מאַך דיין מיילעכל אַזוי־אָ קליין,
צי אוים די ליפּן ווייט
צום נאָז אַרויף
און זאָג שנעל אַרוים: בובו.

קוקט די שטיפערן אויף סאָרעלען,
ווי ניט איר מיינט מען עס,
און זאָגט איין מאָל מי־יאַ־או,
צוויי מאָל מי־יאַ־או
און וויל ניט זאָגן בובו.
ווערט סאָרעלע ברויגעז,
באַהאַלט זיך אין אַ ווינקל
און שרייט פון דאָרטן:
— בובו, בובו!

געפינט אוים דאָס קעצעלע שטיפערן
סאָרעלען
און וואַרפט זיך צו איר שפּילן.

— אויב אַזוי, זאָגט סאָרעלע,
ביסט אַליין אַ בובו,
און פֿון הײַנט אָן
הייסטו קעצעלע בובו.

## סאָרעלע ווערט אַ גרויסע

ווי לאַנג עס האָט גענומען
ביז קעצעלע שטיפֿערן האָט פֿאַרשטאַנען,
אַז זי איז אַ בובו,
ווייסט ניט סאָרעלע.
נאָר דערווײַלע
איז סאָרעלע געוואָרן אַ גרויסע,
און קען שוין דערלאַנגען
דעם מעסער פֿון טיש.

דערזעט קעצעלע בובו,
אַז סאָרעלע נעמט דעם מעסער
און וויל עפּעס שנײַדן,
דערשרעקט זיך בובו
און אַנטלויפֿט.
האָט זיך סאָרעלע
אַזוי שטאַרק צעלאַכט פֿון בובון,
אַז דער מעסער
איז אַרויסגעפֿאַלן פֿון איר האַנט
און אַ שניט געטאָן איר קישעלע.
איז געוואָרן אַ לאָך,
און די פֿעדערן פֿון קישעלע
האָבן זיך צעשאָטן.

כאַפּט סאָרעלע איר בעזעמל
און טראַסקעט איבער די פּערערן
מיט אַ געשריי אויף זיי:
— ווילדע וואָס איר זייט!
צוריק אין מיין קישעלע גייט,
איר הערט?

אַנטלויפן די פּערערן,
און הויבן זיך אָן אַזוי צו דרייען
אין דער לופטן,
אַז סאָרעלע מיט בובון דערשרעקן זיך
און באַהאַלטן זיך
אונטערן בעט.

## ניט אַלץ קאָן מען שניידן מיט אַ מעסער

זיצט אַזוי סאָרעלע אונטערן בעט
און טראַכט:
— אפּאָנים ניט אַלץ
קאָן מען שניידן מיט אַ מעסער.
זאָגט זי עס בובן,
איז בובו אויך מאַסקים.
אויב אַזוי,
איז וואָס זשע קאָן מען יאָ שניידן?

דערווייל פאַרווילט זיך זיי עסן.
קריכט סאָרעלע אַרויס
פון אונטערן בעט
און גייט נעמען ברויט.

איז אָבער דער ברויט
אַזאַ גרויסער,
אַז איינגאַנצן אים אויפעסן
וועלן זיי ניט קענען.

**נעמט סאָרעלע דעם מעסער
און שניידט אָפּ אַ שטיקל ברויט
פאַר זיך,
און אַ שטיקל
פאַר בובון.
ווייל אָבער בובו מיט פּוטער
דעם ברויט.
נעמט סאָרעלע ווידער דעם מעסער
און שמירט מיט אים פּוטער
אויפן ברויט.**

כאַפּט זיך שוין סאָרעלע
און בובו אויך,
וואָס מען קען יאָ שניידן מיט אַ מעסער.
זעצן זיי זיך ביידע
און רעכענען אוים:
—ברויט שניידט מען מיט אַ מעסער,
און פּוטער אויך.
פלייש, ווען מען עסט מיטאָק,
צעשניידט מען אַוואַדע,
אָבער קאַשע?
פאַרטראַכט זיך סאָרעלע,

ווייסט שוין בובו אויך ניט,
צי שניידט מען קאַשע מיט אַ מעסער,
אָדער ניט.

## סאָרעלע וויל בעסער לאַכן

די פעדערן פון סאָרעלעס קישעלע
פליען אַרויף און אַראָפּ,
אַהער און אַהין,
אַז עס ווערט אַזש ווייס
אין די אויגן.

קומט אַריין סאָרעלעס מאַמע
און מיינט,
אַז אַ שניי פאַלט אין מיטן שטוב.
גיט זי אָבער אַ טראַכט:
עס איז עפּעס ניט גלאַט,
און דערזעט
דאָס צעשניטענע קישעלע
און די צעשאָטענע פעדערן.

ווערט שוין סאָרעלען
זייער ביטער אויפן האַרצן
און זי וויל זיך צעוויינען,
אָבער דאָ דערמאָנט זיך סאָרעלע:
— מאַמע האָט בעסער ליב
ווען איך לאַך.
אַז איך וויין, זאָגט זי,
איז מיין פּאָנים פאַרקרימט.

צעלאַכט זיך טאַקע סאָרעלע
אַזוי הילכיק,
ווערן טאַקע אויף אירע בעקעלעך
צוויי כיין־גריבעלעך,
קען שוין סאָרעלעס מאַמע
מער ניט זיין בייז אויף איר.
אויב אַזוי,
וויל שוין סאָרעלע פרעגן דער מאַמען,
צי מען שניידט קאַשע מיט אַ מעסער.
האָט זיך אָבער בובו
צעשפּילט און צעטאַנצט,
און סאָרעלע פאַרגעסט,
וואָס זי וויל פרעגן,
און טוט איר נאָך.

סאָרעלעס מאַמע
טוט זאַכן שנעל.
האָט זי שוין
דאָס קישעלע פאַרנייט,
דאָס הויז צוגעראַמט
און דעם טיש אויך געגרייט.

זיצט סאָרעלע ביים טיש,
און בובו לעבן איר.
רעדט מען ניט קיין וואָרט
און מען עסט געשמאַק.

איצט איז סאָרעלע אין בעטעלע,
און בובו אין אַ קעסטעלע.

ביידע ליגן שטיל.
ווייס מען ניט,
צי זיי שלאָפן טאַקע,
אָדער עפּשער
איז עס אויך אַ שפּיל.

## בובו האָט קעצעלעך

איז געווען אַ טאָג און אַ טאָג,
און נאָך אַ סאַך טעג.
סאָרעלע און איר קעצעלע בובו
זיינען שוין גרויסע.
איין מאָל, אוי!
סאָרעלע קען קוים דעם אָטעם כאַפּן,
זי זעט ביי בובו
קליינינקע, פּיצינקע קעצעלעך.
וויפל זשע זיינען זיי?
ציילט סאָרעלע אויס:
— איינס און צוויי,
און נאָך אַמאָל צוויי,
מיינט עס,
אַז פיר זיינען זיי.
פרייט זיך סאָרעלע
און זי זינגט פאַר זיי
אַזוינע לידעלעך,
אַז אַלעמען אַרום
נעמט אָן אַ פרייד.

פרייען זיך די בלימעלעך,
פרייען זיך די גרעזעלעך
און זיי רופן שטיל :
— קום, סאָרעלע,
קולעווע זיך איבער אונדז.
אונדז וועט ניט וויי טאָן.
מיר זיינען שוין אַזוי שטאַרק,
מיר זיינען שוין אַזוי ווייך !

קולעוועט זיך טאַקע סאָרעלע
איבער אַלע גרעזעלעך
און בובו מיט אירע קעצעלעך
קולעווען זיך אויך.

## מען נעמט־צו ביי סאָרעלעס מאַמען די הויז

קומט סאָרעלע אין הויז אַריין
און דערזעט,
ווי איר מאַמע פּאַקט זיך.
ווייסט ניט סאָרעלע פאַרוואָס.
זאָגט איר די מאַמע :
— מען נעמט ביי אונדז אָפּ
אונדזער שיינע הויז,
מיר קענען שוין דאָ מער ניט וואוינען.
פאַרשטייט ניט סאָרעלע,
ווער איז דאָס אַזוינס,
וואָס נעמט ביי זיי אָפּ זייער הויז.

נאָר אַז מאַמע פּאַקט זיך
העלפט סאָרעלע אויך.

האָט מען אַלץ
פון זייער הויז אַרויסגעטראָגן
און פאַרפּאַקט
אין גרויסן וואָגן.
פליט שנעל דער גרויסער וואָגן,

און אײדער בובו
וויל סאָרעלען עפּעס זאָגן,
איז שוין סאָרעלע מיט איר מאַמען
און אַלע זייערע זאַכן
אין אַן אַנדער הויז.

איז עס מיעס,
דאָס פרעמדע הויז,
איז עס אָפּגעקראָכן,
צעבראָכן,
אַז סאָרעלען ווערט אַזש ביטער
אויפן האַרצן.
אַ פאַרמאַטערטע
שלאָפט סאָרעלע איין.
בובו אָבער שלאָפט ניט.
אַ גרויל, וויפל לעכער
עס זיינען דאָ
אין דעם פרעמדן הויז!
טראַכט שוין בובו מער וועגן גאָרניט,

נאָר ווי אַזוי אָנצושרעקן די מייז,
וואָס קריכן אַרויס פון די לעכער.
זיצט זי שטיל,
מיט אָפענע אויגן,
און קוקט אויף אַלע לעכער גלייך.

פלוצלונג כאַפּט זיך בובו:
נאָר איין קעצעלע
איז דאָ מיט איר
אין דעם פרעמדן הויז!
וואו זיינען עס די אַנדערע
קינדערלעך אירע?
פאַרגעסט שוין בובו וועגן די מייז,
און אַ צעטראָגענע
לויפט זי הין און צוריק,
הין און צוריק,
זי קען ניט פאַרשטיין,
וואו זיינען עס אירע קעצעלעך
אַהינגעקומען.

פאַלט איין בובון אַ גוטע זאַך.
טוט זי אַ שפּרונג אַרויס פון פענצטער
און, היידאַ איבער די גאַסן.
דאָס האָט זיך קעצעלע בובו
אַוועקגעלאָזט זוכן
אירע קינדערלעך.

## קעצעלע בובו זוכט אירע קינדערלעך

קעצעלע בובו געדענקט
סאָרעלעס מאַמעס הויז,
וואו זי מיט סאָרעלען
האָבן זיך שטענדיק געשפּילט.
זי געדענקט, ווי פון דאָרטן
האָבן עס די שלעכטע מענטשן
זיי אַלעמען אַרויסגעטריבן
און די שיינע הויז
ביי סאָרעלעס מאַמען צוגענומען.
פּאַר גרויס שרעק
האָט בובו דאַן
אירע קינדערלעך דאָרט פאַרגעסן.

לויפט בובו גאַס־איין,
גאַס־אויס,
קוקט אין אַלע זייטן.
זי זוכט דעם גרויסן וואַסער,
וואָס מען רופט יאַם.
בובו, אָבער, קען ניט זאָגן יאַם,
זאָגט זי מי־יאַ־אום.
אָט דאָרט, ביים מי־יאַ־אום,
איז די שיינע הויז,
וואו אירע קינדערלעך
זיינען איבערגעבליבן.

# די פאַרפוצטע קאַץ

איז דער וועג גרויס,
איז דער וועג לאַנג . . .
ווּעמען פרעגט מען דאָ
אַוואו דער מי־יאַ־אום איז.
דערזעט בובו אַ קאַץ,
אַ פאַרפּוצטע אַזאַ,
מיט אַ סטענגעלע אויפן האַלדז,
און אָנגעטאָן אין אַזויפיל לאַנגע האָר,
ווי זי וואָלט ווייסט ווער געווען.

מאַכט בובו צו איר:
מי־יאַ־אום ?
דאָס מיינט,
זאָג, זיי מויכל,
אַוואו דער יאַם איז.
טוט זיך די פאַרפּוצטע קאַץ
אַ גוידער אָן,
מאַכט אַ פּאָנים פון אַ גרויסהאַלטערן
און ענטפערט ניט.
פאַרשטייט שוין בובו,
אַז דאָס איז עפּעס אַ רייכע פּריצטע.
טוט בובו אַ סיקע אויף איר,
און מיט אַ פאַרקלעמטן האַרצן
לויפט זי ווייטער
און טראַכט נאָר
וועגן אירע קינדערלעך.

# דער בייזער הונט

פלוצלונג, אוי, אַ בילן,
ווי עס וואָלט געדונערט
פון אַלע זייטן!
אַ הונט אַ גרויסער,
אַ ווילדער
וואַרפט זיך אויף בובון.
ווערט איר אַזש קאַלט.
אָבער מיט אַלע אירע קויכעס

דערלאַנגט זי אַ שפרונג אַרויף
אויף אַ בוים
און זיצט שוין הויך, הויך,
פאַרבאַהאַלטן אין די בלעטער.

בילט דער הונט
אַרויף צו איר:
— איך וועל דיך פאַקן,
נישקאָשע!
און ער לייגט זיך אַוועק
אונטערן סאַמע בוים
און מאַכט זיך, אַז ער שלאָפט.
בובו ווייסט אָבער,
אַז ער נאַרט זי,
און זי רירט זיך ניט פון אָרט.

אויפן בוים,
וואו בובו זיצט,
וואַקסן באַרן.

זיינען די באַרן האַרט,
ווי שטיינער.
נעמט בובו באַרן
וויפל נאָר זי קען
און טראָגט אין דעם הונט אַריין.
כאַפּט זיך אויף דער הונט
ניט טויט ניט לעבעדיק
און וויל עפּעס טאָן,
אָבער בובו טראַסקעט אין אים
מיט די באַרן,
אַז ער ווערט אַזש צעטומלט.

אַ צעקיילטער, אַ צעביילטער
אַנטלויפט דער בייזער הונט
ווי אַן אונטערגעשאָסענער.

דאָ לאָזט זיך בובו אַרונטער
פון בוים
און מיט אַלע אירע קויכעס
לויפט זי געפינען אירע קינדערלעך.

## קעצעלע בובו מאַכט אַ סטרייק

עס איז ענג סאָרעלעס מאַמען
אין דעם פרעמדן הויז,
וואו זי דאַרף איצט וואוינען
מיט סאָרעלען.
איז סאָרעלעס מאַמען שלעכט אויפן האַרצן.
ווילט זיך איר וויינען און קלאָגן.

און דאָ דערזעט סאָרעלעס מאַמע,
ווי קעצעלע בובו
פירט אירע געפונענע קינדערלעך
אויך אַהער
אין דער ענגער שטוב.
כאַפּט זיך סאָרעלעס מאַמע ביים קאָפּ:
— ווי איז מיר,
וואו וועל איך זיך
מיט זיי אַלע אַהינטאָן?
און סאָרעלעס מאַמע
טוט אַ כאַפּ בובון ביים קאָלנער,
שלעפּט זי אַריין אין הויז,
און לאָזט איבער אירע קעצעלעך
אין דרויסן.

— גאַנצע טעג,
און גאַנצע נעכט,
זאָגט בובו צו זיך אַליין,
היט איך אָפּ פון די מייז
דאָס ברויט, די פּוטער,
אַלע גרויפּן,
אַפילו דאָס זעקל מעל,
פון וואָס סאָרעלעס מאַמע
מאַכט זעמעלעך,
און איצט וואַרפט זי גאָר אַרויס
מיינע קעצעלעך אינמיטן גאַס?

ניין, אַזאַ זאַך
וועל איך ניט פֿאַרשווייגן...
זאָל סאָרעלעס מאַמע
איצט אַליין כאַפּן די מייז
פֿון די לעכער.
איך אַרבעט מער ניט פֿאַר איר.
און בובו זעצט זיך אַוועק
און וויל גאָרניט טאָן.
דערזעען אירע קינדערלעך,
אַז זייער מאַמע זיצט,
זעצן זיי זיך אויך אַוועק
אין דרויסן ביים פֿענצטער.
שווייגן זיי אַלע און טראַכטן:
אַ זיך־סטרייק וועט שוין אָנלערנען
סאָרעלעס מאַמען גוט.

## וואָס די מייז האָבן אָפּגעטאָן סאָרעלעס מאַמען

שטעקט אַרויס אַ מייזל דאָס קעפּל,
בובו רירט זיך ניט פֿון אָרט.
טוט שוין דאָס מייזל
אַ קריך אַרויס אינגאַנצן.
בובו פֿאַרמאַכט די אויגן
און קוקט ניט אין איר זייט.
שפּרינגט שוין דאָס מייזל אַהער, אַהין,
פֿאַרזוכט דאָס ברויט, דעם צוקער,

טוט אַ כאַפּ אַ גרייפּל, —
בובו מאַכט זיך ניט ווייסנדיק
כאַפּט זיך שוין דאָס מייזל
וואָס דאָ טוט זיך,
און עס ווערט איר פרײלעך.
לויפט זי אָנזאָגן אַלע מייז אין די לעכער,
אַז מען קען עסן פון סאָרעלעס מאַמעס שפּייז
וויפל נאָר עס וועט אַריין.

סאָרעלעס מאַמע איז צעטראָגן, פאַרטראַכט,
און זי ווייסט אַפילו ניט,
אַז בובו האָט געמאַכט אַ סטרייק.
וויל סאָרעלע איר מאַמען זאָגן :
— בובון איז שלעכט,
בובו וויל אירע קינדערלעך
אין הויז מיט זיך.
קומט אָבער סאָרעלעס מאַמע מיט אַ טומל :

— ווי איז מיר! די מייז
האָבן דאָס ברויט אויפגעגעסן,
דעם צוקער צעפּאַטערט,
דאָס זעקל מעל צעשאָטן . . .

## סאָרעלעס מאַמע לויבט בובון

אַט דאָ דערוויסט זיך
סאָרעלעס מאַמע
וועגן דעם סטרייק,
וואָס בובו האָט געמאַכט.
כאַפּט זי בובן אויף די הענט
און זאָגט פאַר סאָרעלען אין די אויגן:
— האָסט גוט געטאָן, בובו,
זיי מיר מוחל,
וואָס איך האָב דיינע קינדערלעך
אין גאַס אַרויסגעטריבן.
און סאָרעלעס מאַמע
האָט בובוס קינדערלעך
אין הויז אַריינגענומען.

האָט זיך בובו גלייך
צו דער אַרבעט געשטעלט,
און אַלע מייז אין די לעכער
האָבן דאָס באַלד דערפילט.

# דאָווידל קאַפּיטאַן

שטייט דאָווידל אויף די קני,
מיט דעם רוקן צום יאַם,
און מאַכט אַ גרויסע שיף
פֿון דעם נאַסן זאַמד.

הינטער דאָווידלס פּלייצע
שפּילט זיך אַ כוואַליע.
גיט דאָווידל אַ געשריי אויף איר:
— ניט שטיף! זעסט,
עס איז שוין פאַרטיק מיין שיף,
וועט זי דיך באַלד אַזוי צעדריקן,
אַז דו וועסט ניט וויסן
אויף וואָסער וועלט דו ביסט.
צעלאַכט זיך די כוואַליע
און צעקייקלט זיך אַזש.

און אין מיטן דערינען
גיט זי אַ שפּרונג,
און מיט אַזאַ לאַנגער צונג
טוט זי דאָווידלס שיף אַ לעק,
און איידער דאָווידל קוקט זיך אַרום,
איז שוין די כוואַליע מיט זיין שיף
אין יאַם אַוועק.
בלייבט דאָווידל
איינער אַליין אויפן ברעג.

# דאָווידל ווערט אַ קאַפּיטאַן

האָט ער געטראַכט און געטראַכט,
און אַזאַ מאַיסע צוגעטראַכט:

זיין שיף איז טאַקע
מיט די כוואַליעס
אין יאַם אַוועק,
איז ער אויך אויף זיין שיף —
און אַן עק!
און זאָלן טאַקע אַלע איצט וויסן,
אַז ער איז אַ קאַפּיטאַן
און פירט זיין שיף אַרום אומעטום —
אי אין דער לענג,
אי אין דער ברייט,
און אַפילע
אין דער טיף פון דעם יאַם.

זעט דאָווידל אַזאַ טשיקאַווע זאַך:
פון אַ בריקל,
צי אויף אַ שטריקל
לאָזט זיך די זון פון הימל
אין יאַם אַראָפּ.
וויל דאָווידל קאַפּיטאַן
אַ שווים טאָן און זען,
וואו ערגיץ אין יאַם באַהאַלט זיך
די זון אַלע נאַכט.

אָבער אין זיין קעשענע
ציט אים עמיצער ביי דער פּאָלע
און לאַכט.
זאָגט דאָווידל מיט קאַעס
און קוקט זיך אַרום:
— זייט וויסן,
אַז איך בין ניט טויב
און ניט שטום,
איז ווען פאַלט עס איין
פון דאָווידל קאַפּיטאַן צו לאַכן
און כוויזעק מאַכן?
ענטפערט אים עמיצער
פון קעשענע אַרויס:
— שפּאַסן פון אַ פריינט
איז טאַקע ניט שיין, איך ווייס!
אָבער וויסן זאָלסטו,
דאָווידל קאַפּיטאַן,
אַז איך בין דער אַלעף־בייס,
און אַ געבונדענער
ליגן אין דיין קעשענע
איז פאַר מיר אויך ניט קיין פּלאַן,
ווייל יעדערער אין מיר
איז אַ גרויסער בעריע
צו בייטן זיין אָרט,
און טאַקע באַווייזן
אַ ריכטיק וואָרט.

דערהערט אַזוינע רייד,
ווערט דאָווידל
אין זיבעטן הימל פֿאַר פֿרייד.
כאַפּט ער אַרויס פֿון קעשענע
דעם אַלעף־בייס,
קוקט אים גלייך אין פּאָנים און זאָגט:
— ביסט טאַקע בעעמעס מיין פֿריינט,

דערפֿאַר וועסטו זיין אויף מיין שיף
די מאַנשאַפֿט.
שווימען זיי אַלע,
איז עס שוין איינמאָל אַ קאַפּעליע,
ווערן אַפּילע פֿריילעך די כוואַליעס.



# אַ כוואַליע טוט אַ שטויס דאָווידלס שיף

פּאַסירט אָבער אַזאַ מאַיסע:
אַ כוואַליע,
אינגאַנצן אַ ווייסע,
טוט דאָווידלס שיף אַ שלעפּ
און אַ שטויס,
און עס פאַלט אַריין אין וואַסער
זיין פריינט,
דער אַלעף־ביים.
צעטומלט זיך דאָווידל קאַפּיטאַן,
אָבער די כוואַליעס טראָגן זיין שיף
ווייטער און ווייטער אין יאַם.

און דער יאַם איז אַזוי בייז,
און דער יאַם איז אַזוי גרויס!
דאָווידל באַגיסט זיך אַזש מיט טרערן:
— וואָס וועט פון מיין פריינט,
דעם אַלעף־ביים,
אין אַזוינע כוואַליעס ווערן?

אינמיטן דערינען
זעט דאָווידל פיש שווימען.
און ווי זיי קומען אַזוי נעענטער
צו דאָווידלס שיף,
טוען זיי זיך אַ דריי
און אַ פריילעכן שטיף.
קוקט זיך דאָווידל איין, —

אוי, עס ווערט אים אַזש היים!
צוזאַמען מיט די פיש
שווימט אויך
דער אַלעף־ביים.

מיט פרייד כאַפּט אים דאָווידל
פון די כוואַליעס אַרויס,
איז שוין צוריק אויף זיין שיף
דער גאַנצער אַלעף־ביים.

אַלץ וואָלט שוין גוט געווען,
האָט אָבער דאָווידל דערזען,
אַז אין וואַסער טיף
שווימט עפּעס אַ מאָדנע שיף.
ווייס ניט דאָווידל וואָס דאָס איז.
קוקט ער אַהער, קוקט ער אַהין,
אָבער אין אַלעף־ביים דער שין
זאָגט, אַז די שיף, וואָס שווימט,
איז אַ סובמאַרין.
— וואָס עס זאָל ניט זיין,
זאָגט דאָווידל קאַפּיטאַן,
מוזן מיר זיך דערוויסן
וועמעס איז די שיף, און פאַרוואָס
באַהאַלט זי זיך אין יאַם אַזוי טיף.

זעצט זיך דאָווידל אַוועק,
זעצט זיך דער אַלעף־ביים אויך,
און מען טראַכט.

דערהערן זיי אָבער,
ווי עמעצער לאַכט

ווערט דאָווידל בייז
און שרייט אויס:
— ניט מיין, אַז איך בין דאָ אַליין!
און אַז דו ווילסט
איז דאָס נאָך בעסער,
איך האָב ביי זיך
אַ גרויסן מעסער!

האָט זיך טאַקע עמיצער
אַ ריר געטאָן פאַר שרעק,
און מיט אַזאַ גרויסן עק
דאָס וואַסער אין יאַם
געגעבן אַ מיש,
און זע נאָר, —
פון אונטער דאָווידלס שיף
שווימט אַרויס
אַ גרויסער וואַלפיש.

שפרינגט אַרויף דער צאַדיק
צום וואַלפיש אויפן רוקן,
און דער יודעלע מיטן כאָף
האָבן זיך פאַר שרעק
גענומען בוקן.
זעט דאָווידל,
אַז עס איז אַ ביטערע זאַך,

אָבער וואָס איז דאָ צו טראַכטן אַ סאַך,
זאָגט ער פּאָשעט און פּראָסט:
— ביסט טאַקע אַ וואַלפיש,
דער גרעסטער פיש אין יאַם,
אָבער איך בין דאָווידל,
דער גרויסער קאַפּיטאַן.
טאָ פיר אונדז אַהין,
וואו עס שטייט די סובמאַרין.



## דאָווידל מיטן וואַלפיש צעברעכען די סובמאַרין

האָט זיך דער וואַלפיש אויסגעצויגן
אין זיין גאַנצער גרויס,
אַרויפגענומען אויף זיך דאָווידלען
מיט זיין פריינט דעם אַלעף־בייס.
זיינען זיי אַלע אַהין געקומען.

די סובמאַרין פון אַלע זייטן
אַרומגעשוואומען,
אַרומגעטאַפּט,
און דערנאָך
אין אַלע ווענט אָנגעקלאַפּט:
— עפנט אויף! עפנט אויף!

פלוצלונג, אוי, אַ גרויל!
עס רעדט פון שיף
אַ גרויסער מויל:
— אַהאַ, אַהאַ!
פאַשיסטן זיינען מיר!

טוט אַ שפּאַס דער פּיי
און גיט אַ פרעג גלאַט אַזוי:
— פאַשיסטן, יע?
צעקאַעסט זיך דער גאַנצער אַלעף־בייס
און שרייט אין שיף אַריין:
— פע!

דאָ האָט שוין דאָווידל
קיין שפּאַס ניט געטריבן,
צוזאַמען מיטן וואָלפיש
האָט ער די סובמאַרין
אויף שטיקלעך צעריבן.

אַזוי איז די מאַיסע,
אַזוי איז זי פאַרבליבן.
דאָווידלס פריינט,
דער אַלעף־בייס,
האָט עס אַליין פאַרשריבן.



# דאָווידל האָט אַן עראָפּלאַן

דאָווידל איז שוין פון לאַנג
אַ קאַפּיטאַן.
ער האָט אַ שיף אַזאַ,
וואָס ווייסט אַלע וועגן,
און פירט אים אַרום
איבערן יאַם.

נאָר היינט איז ביי דאָווידלען
אַ נייער פּלאַן,
אַזוי ווי ער האָט שוין
אַן עראָפּלאַן אויך,
וועט ער זיך אַ לאָז טאָן



אין הימל הויך,
אַ קוק צו טאָן,
צי זיינען די וואָלקנס
שניי אָדער רויך.

## דאָווידל וויל אין הימל זיך לייגן שלאָפן

טראָגט זיך דאָווידל
איבער די וואָלקנס אַליין;
די ערד איז פון אים
אַנטלאָפן.
זוכט ער,
וואו קאָן ער אין הימל
בלייבן שטיין,
ווען ער וועט זיך
לייגן שלאָפן.

האָבן אַלע דאָווידלס זאַכן
גענומען פון אים
אַזוי לאַכן,
אַזש זיין פריינט,
דער אַלעף־ביים,
איז אַ צעשראָקענער
פון אַ פּאַק אַרוים.
דערפרייט זיך דאָווידל
מיט זיין אַלטן פריינט,
און כאַפּט אים
אין זיינע אָרעמס אַריין:
—מיט דיר, מיין פריינט,
וועל איך איצט
אין אַלע לענדער זיין.

## פאַר פרייד ווערט דער אַלעף־ביים שטום

פליען זיי ביידע
מיט די וואָלקנס גלייך,
אָבער דער אַלעף־ביים
קוקט זיך אַלע ווײַלע אַרום,
דערזעט ער אונטן
אַ גרויסן טייך,
און פאַר גרויס פרייד
ווערט ער אַזש שטום.
דרייט ער זיך
אין אַלע זייטן,
ביז זיינע אויסיעס
נעמען די ערטער בייטן.
דערזעט דאָווידל,

ווי דער גאַנצער אַלעף־ביים
שטעלט זיך אין אַזוינע
שורעס אוים:

— קוק בעסער, דאָווידל,
אויף דער ערד אַרונטער,
ניט אין הימל,
אויף די וואָלקנדלעך ווייסע,
מיר פליען איצט
איבער אַזאַ מין לאַנד,
וואָס זעט אוים
ווי אַ וואונדער־מאַיסע.

## דער אַלעף בייס דערציילט

אָט זיינען פעלדער,
גרויסע וועלדער,
הויכע בערג
און טיפע טאָלן.
זעסט, ווי דאָרטן
טייכן פליסן?
זיי ווילן גוט
די ערד באַגיסן,
עס זאָלן בלומען
אין די טאָלן
אין אַלע פאַרבן
בילדער מאָלן.

זע, ווי אין גראָז
און אויף די קוסטעס,
אָנגעטאָן אין פיל קאָלירן,
וויקלען זיך
פון בלעטער אויס
יאַגעדעס,
אין קליין, אי גרויס.

און אין יענע גרויסע וועלדער
וואוינען אַלע מינים כאַיעס,
הערסט,
ווי צווישן זיי,
אויף ביימער,
זינגען פייגעלעך אין סטאַיעס.



## אין דעם לאַנד דעם רייכן

זע, ווי אין פעלד
די הויכע זאַנגען
וויגן אום זיך
און זיי זינגען:
— מיר זיינען טיף
אין ערד פאַרזייט,



מיר זיינען גרייט,
מיר זיינען גרייט
צו ווערן גרויסע
לאַבנס ברויט.

איז איבער אַט דעם לאַנד
דעם רייכן
שפּרייט זיך אויס
אַ וועג, וואָס פירט
אַלע טאָג
דיין מומע בליומען
קינדער לערנען
אין קאָלווירט.

זי לערנט זיי דאָרט
זינגען, טאַנצן,
פעלדער זייען,
גערטנער פלאַנצן,
זי לערנט אַז די וועלט
וועט זיין
שאָלעם, פרייד
און זונען שיין.



## אַ קישעלע אַ קליינע

עס וויינט מיין ראָכעלע,
מיין ליאַלקעלע די שיינע,
זי בעט ביי מיר
אַ קישעלע אַ קליינע...

איך טראַכט בייטאָג,
איך טראַכט ביינאַכט
פון וואָס צו מאַכן ראָכעלען
אַ קישעלע אַזאַ.

דערוויילע רוף איך ראַכעלע,
גייט זי מיט מיר גלייך,
וואַשן אירע קליידעלעך
אויפֿן ברעג פֿון טייך.

שווימען דאָרטן גענדזעלעך:
מיט געלע, געלע נעזעלעך,
הויבן מיט די פֿליגעלעך
און מאַכן וואַסער בלעזעלעך.

פֿרעג איך ביי די גענדזעלעך:
קליינינקע איר זייט,
ווי מאַכט מען אויף פֿאַר ראַכעלען
אַ קישעלע פֿון זייד?

צעלאַכן זיך די גענדזעלעך:
גע־גע—גע־גע־גאַ!
מיר ווייסן ניט, מיר ווייסן ניט
פֿון אַ קישעלע אַזאַ.

צעוויין איך זיך מיט ראַכעלע,
עס טוט אונדז זייער וויי,
קריכט פֿון טייך אַ מאַמע־גאַנדז
און זאָגט צו אונדז אַזוי:

פֿרעגט ניט ביי די גענדזעלעך,
זיי זיינען זייער קליין,
פֿון וואָס מען מאַכט אַ קישעלע,
זיי קענען ניט פֿאַרשטיין.

אַ שיינע, קליינע קישעלע,
טוט מאַמע־גאַנדז אַ לאַך,
מאַכט מען אויף פון פעדערן,
דאָס איז די גאַנצע זאַך.

ביים ברעג עס געגען גרויסע גענדז,
און אַלע געגען גלייך:
מיר האָבן פעדערן אַ סך
אויף אַ קישעלע פאַר אייך.

דערהערן עס די גענדזעלעך,
מיט די געלע, געלע נעזעלעך,
וואָס הויבן מיט די פליגעלעך
און מאַכן וואַסער בלעזעלעך.

דערהערן עס, פאַרשעמען זיך,
און שנעל אין טייך האָפּ־האָפּ!
דעקן זיך מיט וואַסער צו
אַזש איבערן קאָפּ.

